שרה פעל יעלין

# אויף די פליגל פון חלום

איקוף  פארלאג

פארלאג: 

ווארשע

SARAH FELL YELLIN

# ON THE WINGS OF DREAMS

The book — cover and illustrations
designed by Erchof

הילע און צייכענונגען פּראָיעקטירט: ערכאָף

PRINTED IN POLAND

PUBLISHING HOUSE „IDISH BUCH"
Warsaw 5 Nowogrodzka str., Poland
by R. S. W. „Prasa", Warsaw Poland

„האלט א גרינעם צווייגעלע אין הארצן
און דאָס זינגנדיקע פייגעלע וועט שוין
צו דיר קומען״.

א כינעזיש גלייכווערטל



# אויף פליגל פון חלום

ווי אין בלוט ניט-געאַנטער באַגער,
איז אין וואָרצל און שטאַם
פאַרבאָרגן פון פרי דער טעם.

דער פאַרפום.
פון אַ בלום
ליגט פאַרחתמה'ט אין זוימען,
ווי אין טרוימען פון דיכטער
די וואָר!
יאָ, זי איז דאָ,
יאָ, זי לעבט,
ווייל פון טרוים-פעדעם פליגל
האָט דער דיכטער געוועבט,
ווייל טרוים-קלאַנגען נייע
האָט דער דיכטער געשפונען —
פאַר היינטיקער וואָר
אַ ניגון אַ נייעם געפונען.



אין שאָלעכץ פון נעכטנס,
פאַרשטאַרט און פאַרפרוירן,
פאַר איטלעכן דור,
זי ווערט ניי־געבוירן.

דער דיכטער, דער זינגער
פון לעבן און שלום,
טראָגט זי אויס, ווי אַ מאַמע,
אויף פליגל פון חלום.



## די שענסטע צייט

צייט מיט דראָונג און מיט טרייסט אין יעדן שפּאַן,
טראָגט אויף פּלייצעס מעכטיקע איר זון־געקרוינטן קאָפּ —
ווי אייזבאַרג אויסבאַהאַלטענער אין טיף פון אָקעאַן,
מיט קאַלטער זיכערקייט מחיצות שאַרט זי אָפּ.

גרייט איר אויסדויער, איר שכלדיקן סדר געבן,
גרייט מיט אוצרות מוט — דעם עלטסטן וויין פון דורות —
גרייט, ווי הייב־אַם, שניידן נאָפּל־שנור פון לעבן,
גרייט צו צינדן יום־טובדיק צעליכטיקטע מנורות.

צייט מיט אָנזאָג, מיט בראשית־פרייד און טריט,
ווינקט אַ צינד פון שטערנדיק — צעגליטע וויטן —
ס'האָט מענטש פון הימל־דימענטן אַ קרוין געשמידט
פאַר איר — דער שענסטער צייט פון צייטן!



# וואָס געווען וועט קיינמאָל מער נישט זיין

וואָס געווען, וועט קיינמאָל מער נישט זיין,
נאָר וואָס ס'איז דאָ
איז ווערט געווען די מי —
דער מהלך צווישן לינדבערגס פלי
און, דזשעט, וואָס קרייזט אַרום דעם ערד־קוגל אין שעה'ען,
דער קער פון שלאַכט־פעלד בלוטיקן צום גרינעם טיש און שלום־רייד,
דורך אָפּגרונטן פון ימען
קריכט אַטאָם־נאַטילוס צו פרעמדע ברעגן,
אויף קרייצוועגן פון וועלט —
פולווער טרוקענער מיט קנויטן גרייט...
נאָר ווי אַן עלטער־שוואַכקייט,
קלינגט דאָס ווילדע דראָען:
עס קען שוין איטלעכער אַצינדער זען,
דעם שפּאַן פון שלומדיקער אַטאָם־צייט!
דעם שפּרונג פון צאַר צו ראַטנלאַנד,
פון היראָשימאַ צו, „יו־ען",
צעבלי פון קליין ישראל, גאַנאַ, גרויסער כינע
אויף בינע פון דער וועלט;



פעסטער, פעסטער לויפט די לעבנס-ראָד,
צערייבט אין שטויב דעם „טיפן" סוד
פון אַטאָם-שפּאַלטער און פאַרבינדער —
ימ'ען בלוט
צענעצט האָבן דעם צינדערס קנויטן —
פלאַצן קייטן,
פאַלן קייטן,
זינגען קייטן ליד פון פרייען, שטאָלצן זיין
אויף רושטאָוואַניע-פלאָנטער
פון אַ נייעם לעבן —
און כמאַרעס קומען און פאַרגייען
איבער זון פון אונדזער גלויבן,
נאָר מיר שטייגן, שטייגן,
אַרויף און פאָרויס!
מיט יעדן טרייסל פון פאַרעלטערטן יסוד,
מיט יעדן אויפרייס-שטויס,
לויפט פעסטער, זיכערער די לעבנס-ראָד
פאָרויס!



## צום פערציקסטן יאָרטאָג
## פון דער אָקטאָבער רעוואָלוציע

אַ שאָד! — אַ שאָטן פון אומגליק איבער טאָג פון דיין געבוירן...
דיינע יאָרן — ליכטיקע שטיגן,
פ ו ן  ב ו י ע ן,  פ ו ן  ז י ג ן!
גרויס איז דיין פאַרמעסט
מיט שעפער פון זונען און שטערן,
אויף לייטער פון צייט
אין ענדלאָזן רוים...
נאָר געפּענטעט ליגט די פרייד,
פאַרוווּנדעט, ווי אַ פויגל, פון פאָלק מיינעם דעם חלום
צו זיין צווישן דיינע אָנגעלייגטע מחותנים
ביים יום־טוב טיש...

און גוט... אוי, ווי גוט עס איז געווען
פאַר מער ווי דריי צעשמייכלטע דעקאַדן...
און גוט וועט ווידער זיין להכעיס אַלע שונאים,
ווען דיין געבוירן־טאָג וועט אָפּמעקן די אומגליק־סליאַדן
פון דיינע לויכטנדיקע טרעפּ!
דעם וואַנדער־שטאָק אויף בוי־מכשירים אויסגעביטן
האָט דער ייִד אויף אייביק
אין פעלקער־היים, אין היים זיינער דעם ראַטנלאַנד —



און נעמען וועט ער קיינמאָל מער אים
אין זיין האַנט!

ס'האָט אַ דור אַ שטעג זיך אייפּגעריסן
דורך פּעלזן-וואַנט,
דורך דזשונגל-פּלאָנטער,
דורך שאָטנדיקן בין השמשות
צום פאַרמלאָזן גרוי פון וועלטס קאַיאָר;
איז פעלזן-ברוך געפאַלן אויפן וועג,
האָט שטאַם אַנטוואָרצלטער געלייגט זיך פּאָפּערעק,
איז בלוט פון מוטיקע געווען צעמענט פאַרן קאָנקריט,
ווען שונאים האָבן טריט פון וועג-ברעכער געבריט!

אויף קרייץ-וועגן פון וועלט צעליכטיקט ליגט אַ טראַקט —
„אַהין" — „צוריק" — אַ שילד מיט פיילן-ווייזערס צוויי —
אַהין צום לאַנד, וואָס האָט געוואַגט
פון אַלע נעכטנס אויפמאָנען זיין מעסטל גליק
פאַר פרילינגדיקן פאַרזיי...

ווי שטרויס-פייגל מיט קעפ פאַרשטעקט אין זאַמד,
פאַרלייקנט האָבן מאַכטלאָזע פּחדנים דאָס זיין פון גרויסן לאַנד,
ווי סאָוועס הוקעדיקע אין דער נאַכט,
עס האָבן שרעקעדיקע זיך דערשראָקן פאַר יונגער מאַכט —
מיט אומגעדולד פון גרייטן, בלוט-גיריקן קאָרשון,
מיט ליגן-פאָרהאַנגען געוואָלט פאַרשטעלן זון...



נאָר „ס׳דרייט זיך פאָרט די ערד“... די זון איז דאָ...
און ביי דער האַנט פירט אַלטיטשקע לבנה
צוויי זשוואַווע ספוטניקלעך —
די ליבסטע געסט אירע פון ראַטן־לאַנד!
יאָ, אָ, יאָ, עס נעענטערט, נעענטערט זיך די שעה
צום „פאָינט אָוו נאָ רעטוירן“ —
פון הויכער אויסגעלייטערטער, צעבלויטער סטראַטאָספער,
מען זעט נישט מער קיין גרענעצן —
איינע איז די ערד, די מענטשהייט און איר חלום!

פיר ברויזנדיקע, בליציקע דעקאַדן,
40... טריט צעווייטאָגטע צום שאָטן־פרייען מענטשלעכן זעניט!
איצט מעג מען שוין דעם קאָפ אַ דריי טאָן אויף צוריק —
איצט מעג מען זען דעם מאָסלאָזן מהלך פונם נעכטן...
איצט מעג מען... מוז מען אויסזיפן די פסולת פונם גליק,
ווי פערל אויספישן דאָס קערנדיקע, עכטע:

ווען ס׳נעענטערט זיך אַ שטראָם צו טיף פון ים,
זיין גאַנג ווערט זיכערער, ווערט שטילער,
ווי צווייגן פון אַ וואָרצלדיקן שטאַם,
וואָס ברייטער אויסשפרייטן איצט וויל ער.
דער אָפזעץ אין דער דעלטאַ קלאָרט דעם פלוס,
ס׳איז ברוך פון שטיין און זאַמד אויף דעק פאַרבליבן,
די טיפעניש נעמט אויף דעם גאַסט מיט גרוס —
דער ים האָט קיינמאָל שטראָם נאָך נישט פאַרטריבן!



דיין געבוירן־טאָג — שוועל פון אויסגעחלומטן יאָרהונדערט —
ס׳גאַפט אַ וועלט און וואַרט... און וווּנדערט...
ווו נעמט מען מאָס, וואָס אויסמעסטן זאָל אַקוראַט
דעם גייסט פון קראָנשטאַדט, דעם זין פון סטאַלינגראַד,
דעם שפּאַן פון ווינטער־פּאַלאַץ צו בערלין,
דעם שפּרונג פון גאַזע־לעמפּל צו אַטאָמישער מאַשין,
דעם באַרג־אַרויף דורך דאָרנדיקן מדבר
צום כישופדיקן סוד פון סטראַטאָספער?!
ווו נעמט מען פאַרב צו אויסמאָלן די אָנהויבער,
וואָס האָבן ערשטן קלין אַריינגעהאַקט
אין גליווער פון דער צייט
און זי פון קלעם באַפרייט?!

דער נייער מענטש — איז דיין געוויכט, דיין מאָס,
דיין וואָג,
דער פרייער מענטש — זאָל זיין דיין גרויס געשאַנק
אין דיין געבוירן־טאָג, צו טעג, צו יאָרן שפּעטער,
פאַר דור, וואָס האָט אַ גלויביקער פאַרמאָסטן זיך מיט געטער
און האָט געזיגט!

## דער רונדער טיש

ווו זון גייט אויף אין קריי פון האָן
אַזוי גייט צוקונפט אויף אין אויסגעקרייפטן היינט —
נישטאָ ביים רונדן טיש קיין אויבנאָן —
ס'איז שטענדיק גרייט אַ פּלאַץ פאַר נאָך אַ פריינט.

די טישן עקיגע פאַרגלייכן וועט הובל,
ס'זאָל פאָלק מיט פאָלק ווי אייגענע משפחה זיצן,
און ווען ס'וועט אויסשלאָגן דער טאָג פון שלום־יובל,
זאָל ניט געהאַמעוועט זיין פרייד דורך סיענקעס און דורך שפּיצן.

ווי שפּיגלדיק — קרישטאָל איז מענטשנס אויג באַשאַפן,
דעם אייגענעם געמיט־אָפּגלאַנץ מען זעט אין שכנ'ס בליק,
עס זוכט אַ וועלט צערודערטע די רו פון האָפן,
עס זוכט אַ האַנט אַ האַנט צו אויפבויען אַ בריק.

רונד־טיש — אינדזל אין צעברויזטע ימען,
עס ווינקען ליכט־טורעמס מיט גרין און רויט,
כוואַליעס צאָרנדיקע שטויסן... ברעגן צאַמען,
נאָר צויבער־טעפּיך וועבט פאַר שלום־וועלט געשפּרייט.



דאָס שלום־וואָרט וועט אַטאָם־שרעק פאַרטרייבן,
אין אַקער־אייזנס שמעלצט מען שוין די שווערד,
און ס'וועט אויף דור־דורות שוין אַזוי פאַרבלייבן
אָן אַן „אויבנאָן“ — אַ רונדע, רחבות'דיקע, פרייע וועלט!



## טרוים און וואָר

(41 יאָר סאָוויעטן־פאַרבאַנד)

אויף דיין פּאַליטרע — פאַרבן־שפּיל פון פעלקער און קולטורן —
דיין שעפעריש געמעל פון נייער וואָר!
און יאָר נאָך יאָר,
איך זוך מיין פאַרב
און קען זי ניט געפינען...
אַ שטריכל דאָ... אַ ליכטיק־אויפבליץ דאָרט...
אַ היימיש־קלאַנג... אַ צוזאָג־וואָרט —
און אַזאַ רייפער, לויטערער באַגינען!

גרעסער ווערן שטעט, מעכטיקער סטרוקטורן,
מיט מאָך פון צייט באַגרינט די שפּורן פון אַמאָל,
באַשפּינט מיט רעגנבויגן
שלום־וויג פון קינד, פון פרוי, פון מאַן...
פאַר ווייטן פיל־דימענסיע גאַנג,
אויף פליגל זינגענדיקע פון אַ דזשעט,
אויף אָטעם פון אַ רוים־ראַקעט —
די וועלט — אַ שפּאַן.

הארץ פון נייער וועלט — ווי ציל־ברעט אויסגעשטעלט...
נאָר ניט פאַרמינערט אויף אַ האָר איז הערקולעסן־דראַנג
צום העכסטן ראַנג פון העכסטן טרעפ!
מיט קעפ געהויבן — בויער, שמידער, קוילנגרעבער, שוסטער,
ווי זעלנער אויף דער וואַך... געשפּאַנט.
— וועבער
קינסטלער — מיט ביקס און פּענדזל אין דער האַנט,
שרייבער — נשמה־אינזשיניער,
מיט אויגן וואַך, פאַרשפּיצט געהער —
אויסגעוויטיקטע אָקטאָבער־יאָרן —
פּרעכטיקע אוצרן
אויף קאַנווע פון דער ספּוטניק־וואר!
ס׳וועט יעדעס פאָלק, ס׳וועט יעדער דור
אַ נייע צייכענונג אין איר פאַרוועבן,
אַ פרישן פאַרב־ניואַנס
פון שטורעמיש־פליסנדיקן לעבן,
פון פעלקער־גאָרטן פריש מיט זון און טוי.

ראַטנלאַנד — מייסטער פון שיינעם וועלט־געבוי,
אָנהויבער פון גלויבן, מי און מות —
דיין כוח איז דיין זיין!



דיינע ספּוטניקעס — בשורה־טויבן...
דיינע שפּילער, טענצער און אַטלעטן —
זיגער אין געווענטן!
אָן וויזעס שפּאַנט דיין רום איבער דער וועלט,
ווייל דו האָסט אויסגעשטעלט
דיין מייסטער־קאַנווע — טרוים און וואָר
פאַר זוכנדיקע אויגן פון אַ צעשרויפטן דור.



# אַרבעט

יאָרהונדערט פון אַרבעט, פון זינגן און שטייגן,
פאַרביטן האָט דורות פון ליידן און שווייגן.
ניטאָ מער קיין גרענעץ צום אַרבעטער־פּראָנט,
יאָרהונדערט פון יושר פאָדערט און מאָנט!

„לעבאָר דעי" — מאַי־טאָג אויף אַלערליי שפּראַכן,
אַ חשבון איצט פירן אויף וועלטיקע שליאַכן,
עס גלייכט זיך דער בילאַנס אין אָפענע ביכער,
עס גלייכט זיך דער רוקן... דער שפּאַן איז זיכער.

עס גרייט זיך אַ יום־טוב פאַר וואָכיקער וועלט —
אין כוח־פאַרמעסט זענען טעג אויסגעשטעלט:
יעדע וואָכעדיקע שעה מוז איר גבורה פאַרזייען,
יעדער וואָכעדיקער טאַט מוז בלוטן דערפרייען.

יעדער מענטש מוז זיין חבר ווי אויג אין קאָפּ היטן,
יעדעס לעבן מוז דינען דעם אָנהייב צעבליטן,
ביז אַרבעטער־פרייד וועט פון קרעניצעס קוועלן,
ביז וועלט וועט דער אַרבעט אַ מאָנומענט שטעלן.






# דאָס טעלערל פון הימל

„איז וואָס־זשע ווילסטו, קינד,
דאָס טעלערל פון הימל?“ —
געווען איז עס די גרענעץ פון באַגער,
דער חוצפה־שפּיץ,
פון מענטשלעכע פאַרלאַנגען...
זינט וועלט־באַשאַף
איז איבער ערד געהאָנגען די לבנה —
פרעמד און ווייט.
געקרייזט אין ציקל־צייט
פון טאָג און נאַכט,
איר ליכטיק — קיילעכדיק געזיכט
פון צויבער־ליכט
איז ווי אַ היטער אונדז נאָכגעגאַנגען.
געלאַכט און אפשר אויסגעלאַכט,
געשפּילט זיך אין אויגן פון פאַרליבטע,
זיך געטוקט אין הערצער באַטריבטע,
אין פּוך פון וואָלקנס זיך געהילט,
אין „כאַפּערלעך“ מיט כמאַרעס זיך געשפּילט
און ווידער פריש־באַנייט

זיך שטיפעריש באַפרייט, אַ זאָרגלאָז־ליכטיקע,
אין נאַכטיקן בלוי...
אַזוי... אַזוי זינגט סאַמע בראשית
אַ שטומער עדות פון גוטס און שלעכטס,
וואָס ערדלינג האָט פאַרזייט אין נעכט.

וווּנדער איבער וווּנדער!
דאָס קינד — אַצינד אַ באָבע פון קינדס־קינדער —
האָט דערלעבט!
ס'ווערט נאָענט „דאָס טעלערל פון הימל",
וואָס זי האָט געמאָנט!
עס האָט אַ פאָלק פון פעלקער אַלערליי
אַ פאָן געוועבט —
אַ פאָן פון גלויבן און פון מוט!
עס האָט אַ פאָלק
אַ וואָר געמאַכט פון חלום־ווּנטש...
און איינמאָל,
אין אַן אויסדערוויילטער נאַכט,
אַרויסגעשיקט דער אַלטיטשקער לבנה
אַ מתנה!
ליגט אויף זילבער־טעלערל פון הימל
די מאַכט פון וויסן,
די טרייסט,
דער שטאָלץ,
דער גלויבן פון דער ערד —
די פאָן פון האַמער און פון סערפּ...

זינגען וועלטן: „ליב צו דיר“
שפּילן ווינטן: „ליב צו דיר“
גריסן רוימען: „ליב צו דיר“ —
„די אָנסופיקייט פון אוניווערס
צעעפנט האָסט די טיר!“

— — — — — — — — — —

יעדע נאַכט
קומט ערגעצוווּ אַרוים די באַביצע לבנה:
„אַ פיינע, פיינע מתנה...
אַ דאַנק אייך ערדן־ברידער,
קומט ווידער...
און איך וועל אַ טעלערל פון הימל מיטן ווינט
אַ שפּילכל שיקן פאר יעדן קינד“

# דער נביא

געווידמעט פּראָפעסאָר ליכום פאליוג

.1

אַ קינדערשע רו אויף צעווירעטן, ליכטיקן פּנים.
אַ ליבשאַפט —ווי אַ שטראַל אין שפּעט־האַרבסטיקן טאָג —
געקומען מיט לאַגלען פון וויסן און טרייסט קעגן שונאים,
וואָס טראָגן פאַר דורות אַ פּלאָג:

טויטלעכער סם אין הימלען, אין בלוט, אין געביין,
אין טיפקייט פון ערד, אין האַרטקייט פון שטיין,
אין זאַמדן פון מדבר, אין טראָפּן פון רעגן,
אין ימען, אין קוואַלן, אין שלעגל פון וועגן!

ווי פויער פאַר הונגער־טעג גרייט זיך מיט ברויט —
זיי זאַמלען פאַר דורות פילפאַכיקן טויט.

.2

די אויגן פאַרטראַכטע, דורך פאַרהאַנג פון יאָרן,
זעען צעלאָמטע, צעקרומטע אין גייסט און אין גוף,
עס מאָנען די עופעלעך, נאָך ניט געבוירן —
און קול זיינער שאַלט ווי נביאישער רוף:

„פאַרשאָלטן זייט הענט, וועלכע צינדן דעם קנויט,
פאַרשאָלטן זייט טרעגער פון גרויליקן טויט...
שוין באַלד ביז די באַלקנס איז פול אייער שייער
פאַר גאָלד־שניט פון בלוט, פון שרעק און פון פייער“

און גלייך נעמט ער מאָלן מיט ליכטיקע פאַרבן
אַ וועלט וווּ דער מענטש וועט פון עלטקייט בלויז שטאַרבן:

.3

ער טוט אַ צעעפן דעם טויער פון וויסן
פשוט, ווי אַ מעשה פון טויזנט־איין־נאַכט,
פון עץ־הדעת לאָזט ער די הערער געניסן
און קוועלט ווי זיי שפּירן די אייגענע מאַכט.



דער אַטאָם געשפּאַנטער וועט דינען דעם מאָרגן,
נאַטור וועט מיט פולקייט די דורות באַזאָרגן,
דער כוח וואָס אַטאָם קען שפּאַלטן, קען צאַמען —
„איז לאָמיר ווי אַטאָם זיך האַלטן צוזאַמען“,

עס שמייכלען די אויגן, די רייד זיינע בענטשן —
אַ טרייסט ברענגט דער נביא פון וויסן דעם מענטשן!

## ביים גרינעם טיש

ביים גרינעם טיש פון וועלט
אַ כבוד־שטול מען שטעלט
פאַר מאַמע פונעם מענטשן,
מיט קינד אין האַנט,
מיט האַרץ־געזאַנג
בענטשן קומט זי דעם גרויסן שלום־גאַנג:
איך ברענג מיין קינד —
דעם לאַנד, דער וועלט צושטייער,
אַז לעבן זאָל עס פאַרן לעבן,
ניט שטאַרבן פאַר דער פאַלשער גלאָריע פון אַ העלד!
מיט ריינע מאַמע־הענט
כ'וועל וועבן אַ פאָן פון רעגנבויגן־פאַרבן,
פון ניט־געחלומטע חלומות,
פון מענטשן־קינד, וואָס וועט מיט אָדלער זיך פאַרמעסטן
אין שווונג, און פלי,
און פלאַטערן וועט ליכטיקער סימבאָל
פון פרייד און מי —
אַן איינס־און־איינציקער



איבער די קראַכענדיקע ווענט פון פֿעלקער־האַס  
אויף יעדן ראָג פון יעדער גאַס,  
אויף יעדער מאַסט פון שיף,  
אויף יעדער שפּיץ פון באַרג,  
אויף לייכט־טורעמס אין שטורעמדיקע ים׳ען —  
די פֿאָן פון פרוי — דער מאַמען פון דער וועלט!



# עס מאָנען העלדן

אין דעם טאָג צעעפּענען זיך אויפדאָסניי די ווונדן
אין טאַטע־מאַמעס האַרץ אַ גרויסע פּוסטקייט מאָנט...
צו די, וואָס האָבן קריגס־פֿלאַמען צעצונדן,
עס טייטלען טויטע הענט פון יעדן פראָנט.

מיט אַטאָם־שטויב מען פרוווט דעם בליק פאַרשיטן,
מיט וואָלקן־שוואָם פאַרטונקלען זונען־גלאַנץ,
דער מענטשהייטס שענסטע יוגנט־בליטן
פאַרגיטיקן מיט פאַלשן בלומען־קראַנץ.

דער נאָמענלאָזער זעלנער איז אַ שילד געוואָרן,
ווי פּולווער צו דעם קנויט — געדענק־פּאַראַדן...
מיט טויט־שניט פון די שווידער־יאָרן
באַפּוצן זיי די אַטאָם־קריג פּאַסאַדן!

אַ יונגער שמייכלענדיקער פּנים אויף אַ בילד,
אַ פּעקל ליבשאַפט־בריוו פון צייט פאַרגעלבט...
אפילו די געדעכעניש פון קריג איז ווילד —
אַ יונגער, טויטער וואַלד אויף טויטן־פעלד.

עס מאָנען העלדן־נעמען פון גאַסן און פון סקווערן —
זיי ווילן מער ניט פלאַכן זיפץ און טרער —
ביים רונדן פעלקער־טיש אַ קול עס לאָזט זיך הערן:
„ניט ווייניקער ווי שלום! און אפשר... אפשר מער!“



# אין זון־פאַרגאַנג

אין זון־פאַרגאַנג —
דער טעם פון ניט געבוירענע קאַיאָרן;
ווי סטעזשקעלעך צו ווייטע טעג —
די קנייטשן פון דער הויט.
צער און נחת — ווייך פון רייפע יאָרן —
אַ לעבן האָט דער מענטש זיי אָנגעטרויט!

אויף וואונדער־ברוק
אַריבער באַלד — פאַרשוואונדענע אַמאָלן
קלעטערער מיט גרינע פיס און צייט־באַשנייטע קעפּ...
מיט חידוש־בליק —
אַזוי פיל באַרג־שפּיצן און טאָלן?
אַזויפיל שלענגלדיק־משופּעדיקע טרעפּ?

אין ליכטיקן זעניט,
דער אַלטער וועלט׳ס נאַדיר * —
די שאָטנס דראָענדיקע, אויפגעלייזט פון צייט:
ווייל ווו עס פאַלט אַ טראָט,
ווייל ווי עס פראַלט אויף אַ טיר,
איז אייביק־לויכטנדיקע זון ניט ווייט!

* נאַדיר — דער קעגנזייטיקער פונקט פון זעניט — דער נידעריקסטער.



## געיעג

כ׳ווייס ניט, צי בין איך געיאָגטער צי יעגער?
כ׳ווייס ניט, צי בין איך איצט נעמער צי טרעגער?
עפּעס שלעפּט זיך מיין גאַנג
אין דעם שווינדל־געיעג
ווי אַ שילדקרויט אויף זאַמדיקן ברעג...

צי וויל מיר די עלטער די פליגלען פאַרשניידן?
צי ווילן די גלידער מיין שווונג מער ניט ליידן?
נאָר כ׳ווייס — ס׳וועט דער אימפּעט —
מיין שותף אין לעבן —
אַצינד ניט אויפגעבן!

מע מעסט איצט די רגע׳ם מיט צענדליקער יאָרן,
געדאַנק ווערט פאַרעלטערט ביים סאַמע געבוירן,
ווי בליץ מוז מען פליען
דורך כמאַרעס, דורך רויכן,
די צייט צו דערגרייכן!

עס קאַכט און עס רודערט אין אַלע עק־וועלטן,
לופט איז צעכוואַליעט מיט ברכות און שעלטן,
טראָג איך אויף קוים־קוים צעטראָטענע וועגן
ברויט־ און זאַלץ־ברכה
די גייער אַנטקעגן.

כ׳ווייס ניט, צי בין איך באַוועגט צי באַוועגער?
כ׳ווייס ניט צי בין איך געיאָגטער צי יעגער?
כ׳בין ביידע צוזאַמען און יעדער באַזונדער,
באַשטאַנד־ציל פון לעבן
אין צייט־לויף פון וווּנדער.



# צייט

שטייט, ווי הערקולעס, אַ זינגרייכע די צייט
ביי זייט פון מענטשן־שקלאַף,
וואָס איז, ווי פּראָמעטעי, געווען צו ערד געבונדן.
זי האָט שטערן יום־טוב׳דיק צעצונדן,
צו אויפנעמען דאָס נייע יאָר — אַ ניי־געבוירן קינד:
טייבעלעך ווייסינקע, ווי זויבערע שנייען,
פליען מיט ווינטן צו אַלע טויבע עקן וועלט,
מיט שלום־קוויטעלעך אין פּיסקעלעך,
מיט איילבירט־צווייגעלעך פון ברודערשאַפט
צו יעדן געצעלט!

ווי אַ געניטער דיריגענט,
טראָגט מענטש אין זיינע אויגן,
אין זיינע כּישוף־הענט,
זון־ליכט נישט־פאַרנומענע,
קלאַנגען נישט־געבוירענע
פון אויסטערלישע אוניווערס־געזאַנגען —
די זיסקייט פון זוכן און געפונען
די פעלנדיקע רינגעלעך אין דער גרויסער קייט!



טאַנצט דאָס האַרץ, כאָטש די גלידער זיינען מיד,
קוועלט אַ ליד אַרוים פון גלויביקן געמיט....
צו שירה פון די שטערן איז נאָך טויב דאָס אויער,
צו ליכט פון זונען איז נאָך בלינד דאָס אויג,
נישט זיכער קלאַפּן מיר אין שכנ׳ס טויער,
נישט פול־גלויביק נעמען מיר זיין פריינטלעכן פאַרנויג.
נאָר דאָס האַרץ האָט שוין אין טיפקייטן באַנומען —
דאָס אַלץ וועט קומען!

עניוותדיק זוכט די ערד,
זוכט אַ גאַנצער דור
אַ קערן נייעס אין יעדן יאָר,
אַ פרישן טעם אין די פרוכט פון טאָג,
אַ לויכטנדיקן פּאַס צום שלום־ברעג.
אויף די מבול־וואַסערן פון צייט זוכט די וועלט
אַ צווייגל גרינס אין פּיסקעלע פון טויב —
דעם טרייסט־צייכן פון לעבן.

# א חשבון מיט דער וועלט

דער מענטש מיט וועלט וועט איצט אַ חשבון האַלטן,
זיין יאָרן־אוצר אויסשטעלן ווי ציפער אויף פּאַפּיר;
אָן עדות, ביחידות, אַ האָר ניט אויסבאַהאַלטן,
אַ גלייך־וואָג איינשטעלן צווישן אים און איר.

דער וועלט זיין פולע גאַנצקייט האָט געהערט,
נאָר קוים דערשלאָגן זיך אין איר אַ שטיקל דעה —
געוווסט: צוזאַמענקייט איזביידנס וואָג און ווערט,
ווי זייטן פון דערזעלביקער מטבעה.

זיין יוגנט — פרילינג־שטראָם אַריבער באַרג און שטיין,
ווי באַרזשעם — יאָרן אָנגעלאָדענע פאַר לאַנגן טור:
פון טעג, ערשט זים־געחלומטע, אַ כישוף שיין
האָט גאַנג זיינעם באַלויכטן ווי אַ ראַדיום־שפּור.

זיין זומער — רייפקייט. פּירות, זאַפטיק און באַטעמט.
זיין גרייטקייט — מוט. מתנות — טרייסט און פרייד.
זיין טריישאַפט — גאַנץ. זיך ניט געוואַקלט, ניט פאַרזאַמט,
געטרוי געפלאַנט וווהין ער גייט און שטייט!



האַרבסט אויף שוועל. יאָרן פאַלן, פאַלן,
באַלוינטע, אויסגעדינטע בלעטער אינ׳ם וואַלד,
באַטרונקען זענען זיי פון שטורעמס און פון שטראַלן,
בונטע מידקייט־פאַרב אין יעדן פאַלד.

ס׳קומט אוים: די וועלט איז אים בעל־חוב געבליבן —
אַזוי ווייזט קלאָר דער חשבון אויף פאַפּיר,
אַ גלויביקער ער דערנעענטערט זיך צום ווינטער טריבן —
ס׳וועט פרילינג אויפמאָנען זיין חוב פון איר!

## נייער בראשית

(דעם "לוניק" און „קאָסמאָס-טרוים")

אין אָנהויב האָט גאָט באַשאַפֿן הימל און ערד,
ליכט גערופֿן טאָג, פֿינצטערניש — נאַכט.
אַ נייער בראשית איז דעם מענטש באַשערט —
ס׳האָט וווּנדער-דור
פֿון וואָר אַ „טרוים" געמאַכט:
אין תהו ובהו, אין פֿינצטערניש פֿון תהום —
טרייסט צעגליט.
זון — סאַטעליט —
חלום פֿון שלום-הונגעריקע פּראָפֿעטן —
תושב צווישן שטערן און פּלאַנעטן.
„טרוים" דער יינגסטער ברודער פֿון אונדזער ערד
צו זון-משפּחה און איר ליכטיקייט געהערט!
ווען ס׳קרייזט אַרום אַ „טרוים" אין רוימען —
מעג מען טרוימען:
ווי סאַטעליטן... שלומדיק... לויט נאַטור-געזעץ פֿון לעבן,
וועט מענטש מיט מענטש, פֿאָלק מיט פֿאָלק,
אין אויסגעפּלאַנטע, אויסגעחשבונטע אָרביטן
צו פֿריינדשאַפֿט שטרעבן.



## צווישן הימל און ערד

צווישן הימל און ערד,
טראַכט אַ מענטש וועגן לעבן —
דאָס פּיצעלע חלק,
וואָס נאַטור האָט געגעבן
פאַר אָנטייל אין איר מייסטער־ווערק!

צווישן הימל און ערד,
הערט ער מאָנונג פון טעג:
זיין אייגן געוויסן, ווי אַ ריכטער,
מעקט און מערקט דעם באַגאַזש
פאַרן לאַנגן וועג.

צווישן הימל און ערד,
דורך וואָלקן־ים, בלויען זעפיר,
ער עפנט אַ פאַרבאָרגענע טיר.
דאָרט, באַהאַלטן פון מענטש און וועלט,
איז זיין נאַקעטער ווערט אויסגעשטעלט!



צווישן הימל און ערד,
ווערט אַ מענטש אויפסניי פֿאַרליבט אין לעבן;
ווען דזשעט זוי אַ חלף
די לופֿט שניידט אין די הייכן —
איין־איינציקער ווונטש בלייבט: צו זיין, צו דערגרייכן!



# פ ל י ג ל

מיינע פליגל — ניט גלידער פֿאַרוואָקסן אין גוף —
אָן מאָטאָר, אָן הייץ=קראַפט זיי הויבן מיך אויף —
אין שטילקייט פון נאַכט, אין טומל פון טאָג,
איך שוועב אין זוניקן רוים, לייכט, אָן וואָג.

די האַנט פירט די נאָדל, דער דמיון פירט מיך,
אָט דוכט זיך, איך האַלט שוין דעם שליסל צו טיר.
און אָט בלייבן הענגען די טרעפּ אין דער לופט —
עמעצער בייזערט זיך, עמעצער רופט...

כ׳הער דאָס מאַמעשע טרייסט=וואָרט אין פליגל=פּאָך
און לייכט ווערט פאַרטראָגן די גרויקייט פון יאָך —
ס׳ווייסט קיינער אַרום, אַז איך פליגל פאַרמאָג —
אין דעם אומעט פון נאַכט, אין געווירבל פון טאָג.



## איבער ים און יבשה געפלויגן

איבער ים און יבשה געפלויגן,
בלויז אַ קוק טאָן מיין טרוים אין די אויגן,
זען דאָס פּנים פון לעבן וואָס שיינט
אינ׳ם לאַנד ווו דער מאָרגן איז היינט.

פון טעג שווער־געלעבטע, פון יאָרן,
אין פליען כ׳האָב דעם חשבון פאַרלאָרן:
מיט מיידלשן פלאַטער, מיט נייגיר
כ׳בין געשטאַנען ביי אָפענער טיר.

# מאָסקווע

מאָסקווע אין פרילינג. „טשעריאָמושקעס נייע"
ריזיק געבוי ווו ס'איז פעלד בלויז געווען,
גערטנער פאַרפלאַנצטע, קינדערלעך פרייע,
וואָס וועלן שוין קיינמאָל קיין חורבן ניט זען!

מאָסקווע אין ערב מאַי... פריילעך אויף סקווערן,
פעקלעך, מתנות פאַר גרויס און פאַר קליין...
אַלץ וואָס איז דאָ, האַלט אין בעסער ווערן,
אַלץ וואָס נישטאָ נאָך — וועט זיין!

„בודיעט" — זאָגט איינער וואָס וואַרט אויף אַ צימער,
„בודיעט" — קלינגט זיכער ווי מאָרגן-רויט.
אין טאָן און אין אויגן אַ גלויביקער שימער —
יעדן טאָג ווערן שענער די טישן געגרייט.

אייגנס איז „גום", „דיעטסקי מיר" און מעטראָ,
אייגנס — געראָטענער שניט אין ריאַזאַן,
אייגנס איז איטלעכע רואיקע שעה,
יעדער פריינטלעכער טראָט אינעם שלום-שפּאַן.



מאָסקווער פאַרנאַכטן און מאָסקווער פאַרטאָגן —
שטענדיקער ריטם פון פעלקער און שטאַמען —
הימן פון „שלום און פריינטשאַפט“ אויף וועגן
גריסט גאַסט און פריינט פון אַריבער ים׳ען.

# אין קרייז־ לויף פון וועלט

פון קערנדל אַ בוים,
פון בוים אַ וואַלד —
אַ בליענדיקער גיגאַנט —
סאָוויעטן־לאַנד.
פרוכט פון ערשטלינגען,
געגערט מיט גלויבן,
הייבן זיך צו הימלען,
פריינטלען זיך מיט שטערן,
מיט נאָמענלאָזע רוימען.

זיין צווייג — געשפרייט, ווי ברודער־אָרעמס גרייט:
קומט, זעט! ווי טרוימען זינגען,
ווי טרוימען נוצן אוים
די עקשנטע נאַטור,
וואָס האַלט בסוד דעם שפּור
פון אירע גענג!
קומט און שטוינט —
ס׳האָט זיך געלוינט!



און מען קומט,
און מען זעט...
מיט ליבשאַפט, מיט קנאה,
מיט ברכות, מיט שנאה,
מיט פלאַטער־פרייד אין געמיט,
מיט אויג פאַרלאָפענעם מיט בלוט —
מען באַוווּנדערט
די קרוין פון שענסטן יאָרהונדערט.

סאָוויעטן־לאַנד, ווי אַ מאַמע,
טראָגט „זאַלץ און ברויט“,
טראָגט בעכערס ליכט און פרייד
צו פּילגרימען פון וועלט.
אויף טישן צעשטעלט
די אויסגעחלומטע מאכלים:
פריינטשאַפט און שלום,
בלי פון עץ־הדעת,
מי פון שוויים און וויסן,
שווונג און חן פון דור,
וואָס קאָן אי שאַפן, אי געניסן.

זוימען אין ווינט,
שוועבן דורך „פאָרהאַנגען“
פון אַטאָמס און שטאָל,
דורך גרענעצן פון שטעכל־דראָט,
דורך כמאַרעס פון פאַרבאָט...
און ס'נעמט זיי אויף דער באַרג

און ס'זויגט זיי איין דער טאָל
און ס'כאַפּט זיי אויף דאָס מענטשלעכע געמיט —

ווערט פון קערנדל אַ בוים,
פון בוים אַ וואַלד,
און ס'בליט און ס'וואַקסט און ס'טראָגט אויס שטיל
אַ וווּנדער־שניט!



## אומעט און צווייפל

אומעט און צווייפל —
שלייכן אומדערוואַרט אַריין אין געמיט
צו רויבן די רו,
צו שטערן דעם שלאָף,
צו סם'ען די טראָפּנס פון פרייד,
וואָס דאָס לעבן
האָט אַזוי קאַרג פאַרגרייט.

ווי סאָוועס זיי דרימלען בייטאָג אין פּלאָנטער פון צווייגן —
זיי מיידן אוים שיין —
בלויז ווען דער מענטש איז איינזאַם, אַליין,
זיי בייסן זיך אַריין אין האַרץ, אין געביין,
וואַרפן ווילדע שאָטנס אויף די ווענט
און שלעפּן מיט באַנעגלטע הענט
אין זייער נעץ.



## נאָכן שטורעם

אַ שטורעם האָט פֿאַרשוועכט די זיילן פֿון מײַן בריק,
גראָד ווען ס׳האָט אַזיל צעשמייכלט זיך פֿון ווײַטן, גרינעם ברעג:
אָט, דאַכט זיך, מיט דער האַנט דערלאַנגען דאָס צוזאָג-לאַנד
פֿון גליק,
אָט, דוכט זיך, נאָך איין שפּאַן, נאָך איין מייל-שטיין אויפֿן וועג...

ווי אַן אַלאַרם-פּויק האָט האַרץ געהאַמערט שאַרף און שנעל,
אַ קלעם געטאָן האָט צווייפֿל ווי אַ דאָפּלט אײַזן-צוואַנג,
פֿאַרהאַלטן האָט זיך פּוס ביים סאַמע שטורעם-שוועל,
פֿאַרגליווערט אימפּעט ראַשיקן אין סאַמע מיטן גאַנג.

ס׳האָט האַרץ געוואַרט... אין טיפֿעניש געציטערט —
מײַן קאָמפּאַס האָט געוואָרפֿן זיך ווי אין פֿיבער —
געוואָרן איז מײַן לשון האַרב, פֿאַרביטערט,
ווײַל ס׳איז געדולד שוין איבער ברעג אַריבער...

ווי פֿון אַ בייזן חלום אומרואיק, צערודערט,
כ׳האָב אויף דער זון געקוקט און ניט געגלויבט:



זאָל זיין אַז וואר, וואָס האָט אַ וועלט פאַרברידערט,
זאָל אויפרייסן דאָס ווונדער וואָס זי האָט געבויט?

פון שטורעם־שלאַג די שרעק האָט גרויס געמאַכט די אויגן,
חוצפה'דיק גערייצט זיך ווילד פון יעדן ראָג און שפּאַרע,
נאָר פאַסמעס ליכט, מיט טרויער־פילם פאַרצויגן,
פאַרקינדיקט האָבן בראָך אין שווערער כמאַרע!

כ'האָב אַ ויכוח ערנסטן מיט זיך געהאַלטן,
מיין גאַנצן לעבנס־וועג פאַרבייגעפירט ווי אויף אַ פּאַראַד:
אַ סך שוין כמאַרעס הינטער זיך אויף וועג צעשטראַלטן
און שטענדיק קלאָרע לופט נאָך גרויסן טשאַד...

כ'האָב מיט אַ שווער געמיט פאַרטריבן שרעק פון אויגן,
און ס'האָט אַלאַרם־פויק אין האַרצן אויפגעהערט:
אַ ברעטל דאָ און דאָרט... אַ שרויף, אַ פלאַנק, אַרויסגעצויגן...
די בריק איז דאָ... די זיילן אומגעשטערט!

ניי לעבן קומט מיט פרייד, מיט וויי, מיט בלוט,
פאַר ליב כ'וועל נעמען זיס און זויערקייט פון לעבנס־טרויבן —
ווייל ניט אויף כוואַליע־רוקנס שטייגט מיין מוט,
ווייל ניט אויף דיונעס ווינט־צעווייטע רוט מיין גלויבן...

כ'האָב זיך אַ ציי געטאָן אין פולער גרויס צום ווייטער־גאַנג
גערעטעניש גייט אויף צו להכעיס שטורעם און געוויטער —
כ'וועל שטאָל פון אויסדויער פאַרוועבן אין מיין טראָט, אין מיין געזאַנג,
און איבער בריק צעשעדיקטן זיך לאָזן אָן אַ ציטער...



## ניי־יאָר

כ׳האָב ניי־יאָרס פיל שוין אויפגענומען,
און שטענדיק האָבן זיי די האָפענונגען אַנטוישט,
ווו כ׳האָב דערוואַרט אַ בינטל גרינס און בלומען,
האָט ווינט דורך פעלד פון קראַפּיווע גערוישט.

אַ מלאכל, אַ נאַקעטן, ווי אומשולד ריין,
מען וואַרפט צו, ווי אַ ממזר׳ל, דער אומזיכערער וועלט,
ביי יעדער טיר און טויער אַ שווערער שטרויכל־שטיין,
אויף יעדן שוועל אַ שומר אויסגעשטעלט.

פאַרוואָרלאָזט, קאַלט אַליין אין מיטנאַכט־שפּעט,
א יתומ׳ל, אָן פריינט, אָן מאַמען און אָן טאַטן —
אין וועלט צעפליקט פון וווקס אויף אַלע נעט,
ווי „טרישקינס קאַפטל״* — אַ לאַטע אויף אַ לאַטע!

---

* „טרישקין קאַפטאַן״ — אַ פאַבל פון קרילאָוו.

און אָט: אַ זאַל פֿאַרפֿלייצט מיט פֿויץ און ליכט־קאָליר,
אַ בינשטאָק, אַ צערודערטער, אין שמייכלען אָנגעטאָן:
„זאָל דאָס כאָטש עמעצער אַ עפֿן טאָן אַ טיר...
אַ טויער אויפֿמאַכן פֿאַר ניי־יאָר וואָס קומט אָן?!“

ער זעט, ווי יעדעס ליכט אַ פֿייער־צונג שטעלט אויס,
עס חוזקט פֿינצטערקייט מיט אָרעמס־שאָטנס אויסגעשטרעקט...
ווי אַ פֿאַלשע קאַץ, אויף ווייכע פֿיס, איז אַלטער יאָר אַרויס
און סליאַדן שולדיקע אין איילעניש פֿאַרמעקט...

„אויף היימען, אָרעמע, ל י ב נ יי י אָ ר, איז ניטאָ קיין שלאָס,
ווי פֿאַר אליהו הנביא, די טיר איז אָפֿן: קום אַריין!
עס וואַרט אויף דיר און וועלט אַ פֿולער כוס,
אַ מיטנאַכט־גרוס פֿון ליכט און לוסט און יום־טוב־ווייַן“.



## א וועלט מיט אַרבעט

שטייִ נישט פאַרגאַפּט מיט די אויגן צו שטערן,
פאַראַן נאָך גענוג וואָס צו טאָן אויף דער ערד —
איידער אַ בירגער פון וועלט־אַל וועסט ווערן,
איז דיר נאָך אַ גליק דאָ אַ גרויסער באַשערט!

צורו לאָז אַ ווילדע ראַקעטן, אַטאָמען,
פאַרגעס די לבנה — זי פליט ניט אַוועק,
און זע ווי מען גראָבט צווישן פעלקער דאָ תהומען,
און זע ווי מען שליידערט זיי שטיינער אין וועג.

אַרבעט — אַ וועלט איז אויף ערד דאָ פאַראַן,
אַרבעט פאַר נוציקע הענט וועט נישט פעלן,
וווּנדער פון אַטאָם פון מענטשן געשפּאַנט,
פאַריאָגן וועט וועלף פון די אָרעמע שוועלן.



איז אייז־באַרג אין וועג? וועט ים פון אים ווערן,
דאַרשט מדבר נאָך וואַסער? מען ברענגט אים דעם ים!
איז קאַלט? — ציט מען ליכט־היץ פון זונען און שטערן,
מען צוימט איין דעם שטורעם, ווי אַ שלאָפּיקן לאָם.

וואָס זוכסטו גן־עדן אויף ווייטער לבנה?
ס׳וועט סטאַיען פאַר פעלקער די שפע פון ערד!
באַשערט איז דיר גרייטן דער וועלט אַ מתנה —
אין טראַקטאָרס פאַרשמעלצן די ביקס און די שווערד.



## וואָרנונג

(וואָפן=האַנדל מיט נאַצי=דייטשלאַנד)

איז קאַרג געווען דער בלוטיקער נסיון פון שילומים?
דער אַדענאַוער וואַלד, וואָס האָט די ערד פאַרשוועכט?
איז קאַרג געווען ישראל=קאָרידאָר
פאַר זשעדנע הענדלער מיטן טויט...
צעפּליקט זענען די קוים פאַרצויגענע וווּנדן,
ווייל ס'עופעלע ישראל איז צום הערשער=פאַרטוך צוגעבונדן,
אַ שפּיל=באַל אין די הענט,
וואָס זוכן זיכערקייט און חן אין נאַצי=אויגן...
פאַרשפּיגן זיינען קדושים פון די געטאָ=ווענט
געשטעמפּלטע מיט נומער=בראַנד,
פאַראומרייניקט דעם כבוד פון אַ לאַנד...
דאָס פאָלק, וואָס האָט פאַרברענט זיין וואַנדער=שטאָק,
דערקענט זיינע פאַרפירער,
פאַרלייקענער פון ליכטיקע יאָרטויזנטער
פון יידישער נבואה...
און ס'קלינגט ווי וואָרנונג=גלאָק די שבועה:
„עם ישראל חי"



און ס'שווערן יידן אויף דאָסניי
„ניט פאַרגעסן... ניט פאַרגעבן...
לעבן פאַרן לעבן".
ישראל! קינד פון פעלקער־בונד,
לאַנד פון יידן,
וועט אַן אויסגעלייטערטעס אין פרייהייט, פריינטשאַפט, פרידן
אַ גלייכער שותף זיין
אין וועלט געזיכערטער פון נאַצי־גרויל און פיין.



## ברודער פּאָל

אַ שטאָלצער צעדער־בוים
אין זיין פאָלק פאַראַנקערט, ווי אין ים.
אויף ברייטע פּלייצעס, דעם חלום פון זיין שטאם,
טראָגט זון פון שקלאַף,
צו פרייען גרינעם פעלד.
ער זינגט דאָס גרויסע ברודער־ליד
און ס׳ראַדיאָירט מיט ליבשאַפט און מיט קראַפט פון יעדן גליד,
ווי ס׳וואָלט די זון געשיינט
ניט איבער אים, נאָר דורך אים צו דער וועלט!
ברודער פאָל האָט זיך זיין פאָלק געווידמעט,
דעם כבוד פון זיין לאַנד,
דעם שטאָלץ פון פרייע און פון בראַווע
און גיט, ווי פון אַ שפע־האָרן,
מיט פולן האַרץ און האַנט:
זיין ליד — דער ברום פון לייב, די צאַרטקייט פון אַ לאַם;
זיין שווונג —די קראַפט פון אָדלער, די אומשולד פון אַ קינד;

שיין און גרויס און פעלזן־פעסט איז מיין ברודער פאָל,
זיין געבענטשטע שטים



פון מאָנטגאָמערי און טענעסי,
פון מיסיסיפּי, טאַלאַהאַסי,
פון קלינטאָן, אַלאַבאַמאַ,
פון ליטל ראָק און ארקענסא —
פאַרקינדיקט שעה פון ליכטיקן דערוואַכן,
פון שטאָלצע טריט... פון נייע רייד...
זיין לייבן־אָטעם בלאָזט אַ פונקען־שפּריי
פאָנאַנדער אין אַ פלאַם —
דעם פלאַם פון שטורעם,
וואָס קאָוועט רחבות׳דיקן פורעם פאַר זיין פאָלק
אין צאָרן־זשאַר,
אין בלוט־געפאַר...

אָ, שטאָלצער צעדערבוים אין גרויסן לאַנד פאַרוואָרצלט,
דיין קאָפּ, ווי צירונג, קרוינט דעם שיינעם וואַלד.
דיין געשטאַלט, מיין ברודער פאָל,
איז דענקמאָל בראָנזענער געוואָרן ביי דיין לעבן,
דו האָסט דיין קעמפנדיקן פאָלק געגעבן
אַ לעגענדע,
אַ ליכט־טורעם אין כמאַריקן באַגינען.

ס׳האָט מאַמע מיר קיין ברודער ניט געגעבן,
האָב איך פאַראייגנט דיך — אַ שותּף אין מיין גאַנג.
מיט דיין געזאַנג — דעם פרייהייט־גלאָק פון קעמפנדיקן
מענטשן —
וועלן מאַמעס בענטשן זייערע קינדער,
וועלן טאַטעס וונדער־מוט פון פאָלק דיינעם
אַריינוועבן אין ליכטיקע זכרונות פון אַמאָל, מיין ברודער פאָל.





# ראָק=נ=ראָל

שוויס און רויך און כמאַרעדיקע אויגן,
אַ מתנה „יונגע“ אין זוכעניש אַהער פאַרפלויגן,
פאַרפירט פון אימיטאַציע פרילינג=שטראַל —
אַ קנויל פון מענטשן=פלייש — אַ מוטנער תאווה=קוואַל:
אַ רים —אַ צי,
אַ שטויס — אַ פלי,
אַ הויב — אַ בויג,
אַ טיף פאַרנויג —
אָן געביין, די פיס און הענט,
שאָטן=פלאָנטער אויף די ווענט,
„קאַץ און מויז“ — שוונג — געוועט
אויפן דיל... לוסט נאָך זעט...

בלאַסער לאָמפּן=גלאַנץ אויף מעש פון אינסטרומענט,
פויקן=פולס... זיס=קלעפיקע סענטימענטן,
קרעכץ און זיפץ און ציקל פון טראָמבאָנען,
טובע=ברום, געוויין פון סאַקסאָפאָנען:



ראָק־נ־ראָל, ראָק־נ־ראָל,
ס׳ציטערט באָדן אינעם זאַל,
ס׳ווינקט צעוואַרעמטער פּאַרקעט,
ווי אַ ווייך פּרוזשינע־בעט!
אַ געדריי, אַ געפלעכט,
אין ווילדן ריטם פון די טענץ!

פאַרשווינגן גרילץ פון דזשאַז־מוזיק,
אויסגעהוילט פון לוסט דער בליק,
אָפּגעשטעלט דאָס ווילד־געדריי...
הענגען גלידער פול מיט גלייכגילט־בליי...
אָנהויבן אַ נייעם קאָן?
ווו צו גיין? וואָס צו טאָן?

אויסגעלאָשן ,אויסגעברענט
נוצלאָז — אָפּגעלאָזטע הענט —
ווי אויף לייב געבאָרגטע העמד,
איז צו זיי דער דרויסן פרעמד!
קעלטער נאָך ווי אַלעמאָל
איז די וועלט נאָך ראָק־נ־ראָל!

נייע טענץ, אַ נייער ניגון —
צוקונפט שמייכלט אין די וויגן!
פריילעך כאַפּט אויף ווידערקול
נייעם טאַקט פון ראָק־נ־ראָל...





„בייזער דור פון יאוש־טאָל!
ראָק־נ־ראָל, ראָק־נ־ראָל
וועסט דעם גאָלד־האָן פון באַגינען
אין דיין זוכעניש געפינען!“



# ביכער

פֿאַרוואָס שטייען ביכער מיט רוקן צום ליכט,
אויף פּאָליצעס שטייף ווי אין זעלנערשער ריי?
פֿאַרוואָס זאָל אַ שמייכל אויף טאָוול-געזיכט
ניט פֿאַרבעטן אַ מענטשן אַ בלעטער-טאָן זיי?

ווייל ווי אָרעמע אין הייזער פֿאַרפּוצטע,
זיי שטייען ווי שטומע מיט פּנים צום וואַנט,
ווי דימענט-גרוב פּולע, ווי קוואַל ניט-גענוצטער
זיי וואַרטן פֿאַרבענקטע אויף פֿריינטלעכער האַנט!



# אין אָנדענק

1

אין טויטן־קאַמער וואַרטן צוויי...
ניינצן פופציק דריי...
ניינצענטער יון,
ניינצנטע גאַס.
ס׳פאַרגייט די זון —
די זון פון גלויבן...
קעפּ צום רעדנער שטעל געהויבן —
מענטשן־קנויל — ברענענדיקער צאָרן...
האַס און צאָרן.
גליד צו גליד,
באַק צו באַק,
אויגן... אויגן... אויגן...
לאָגלען פּיין!
די גאַס — אָנגעפּראָפּטע פּאַס,
שטיינערנער זאַק... פּולווער־קנויט...
מויערן — ראָבן שוואַרצע
שמעקן טויט...

2.

א זאָג אַזאַ:
„וואָס ער דעקט-צו, פאַרגעסן ווערט“?!
נאָר ווי קען ערד פאַרדעקן
יענע ערב-שבת׳דיקע רגע׳ס-בליי,
דעם בושה-פלאַם פון אונטערגייענדיקער זון
אין יון פון פופציק דריי?
ווי קאָן ערד פאַרדעקן
מוט פון צוויי,
ווען זייער אויסגעבראָכטע בלוט
איז אין די אָדערן פון וועלט אַריין,
זייערע לעבנס — אין מאַרך און ביין?!
ליבשאַפט-טרויבן, מאַמע-טרערן —
ווי קאָנען זיי פאַרגעסן ווערן?
ווען הערצער אָנגעשפּאַנט ווי פייל אויף בויגן
צעעפנט ליגן פאַר די אויגן
פון אַ וועלט?!

3.

קעפּ.. קעפּ... קעפּ...
זאַנגען אין צעוויי...
הערצער פּויקן... ציילן... ציילן...
ס׳גליווערט בלוט:
דריי... צוויי... איין מינוט,
רגע׳ס-בליי פאַלן,



אין טרויער־פאַרנויג שטראַלן.
**אַכט**... ס'שלאָגט **אַכט**...
שטומע אומרו —
אויף ליפּן ציטערט וואָרט:
**מ אָ ר ד!**
ניינצענטע גאַס — יאָמער־טאָל
פאַרשטיקט אין טרערן — קול:
„אין אָנדענק פון קדושים צוויי“...
ווי־געשריי,
פלוך,
שבועה:
„ווי תבואה אין פעלד זיך מערן וועלן
דזשוליום — און — עטלס...
עס לעבט די וועלט!“



4.

אָ, ווי וואַך דער זכרון!
ווי ברענענדיקער דאָרן עס ברענט און ווערט ניט פאַרברענט
יענער פרייטאָג־צו־נאַכט פון ניינצן פופציק דריי,
געשענדעט דורך מאַכט,
געהייליקט דורך צוויי!
איז זאָגן זאָלסטו ניט
„וואָס ערד דעקט צו פאַרגעסן ווערט“,
אַזוינס פאַרדעקן איז צו קליין די ערד!

# געוועזענער

ס'איז אים זייער גוט אצינד,
רייך אין כבוד, רייך אין געלט —
פאַר די אלטע יוגנט־זינד
צאָלט ער צינזן צו דער וועלט.

אמאָל געווען א פלאַם, א ברען,
ווערטער פיילן... גלייך אין ציל,
אין אַש מען קען א פונק נאָך זען,
ער רויכערט, כּארכלט און בלייבט שטיל...

ער וויל געריעטעניש אָן רעגן,
בליץ און דונער אָן אַ שטורעם —
מיידט ער אויס די אָפענע וועגן,
באַהאַלט זיך אויס אין הויכן טורעם.

ער האָט ליב א פולן שייער,
ער האָט האָלד א פרעמדן שניט —
ווייל זיין לעבן איז אים טייער
טיילט ער עס מיט קיינעם ניט.



רייך איז ער... און גוט... און פרום,
(פֿאַרוועלקט די רויז, פֿאַרבליבן איז דער דאָרן)
זיין צונג, ווי גלאָק צעפּלאַצטער, שטום,
יתומים, קיילעכדיקע — די קעמפּער־יאָרן.

## דזשאָן בראַונס יורשים

ווי ווייט איז טשאַרלסטאָון און האַרפּערס פערי
פון מיסיסיפּי, טענעסי און ליטל ראָק?
ווי לאַנג איז א יאָרהונדערט לינטש- און תליה טויט?
אַז דזשאָן בראַונס קול איז ווי א שטורעם-גלאָק
פון האַלדז דערוואָרגענעם אויף גאַס גרייט?!

וואָלט דזשאָן מיט ווערטער זיך געקוויקט, אָן טומל אָן גערודער,
ביי שקלאַפן-טרייבער ער וואָלט א העלד פאַרבליבן —
נאָר תליה — זיין איינגקרייץ פאַר ליידנדיקע נעגער-ברידער —
ער האָט, א גלויביקער אין זיג, זיך אויסגעקליבן.

אויף שקלאַפן-חורבות פרייהייט ווערט געבוירן,
עס גלייכן זיך די וואָגשאָלן פון וועלט,
א מבול-כוואַליע פון רעוואָלט פאַרשווענקט די אומרעכט יאָרן,
ס'ווערט דזשאָן בראַונס מוט ווי מוסטער אויסגעשטעלט.

ער האָט א בלאָטער אויפגעשניטן פון זיין לאַנד,
די חוצפה פון פאַררעטער ער האָט פאַרראַטן
צו ראַטעווען זיין פאָלק פון שקלאַפן-שאַנד,
ער, אַן ערלעכער, באַקרעפטיקט האָט זיין וואָרט מיט טאַטן.

„בלויז בלוט קען ריינוואשן דעם פארברעכן — פלעק
פון מיין צעצווייגטן, פרייען מוטער־לאַנד!
ניטאָ קיין טרייסט, ניטאָ קיין קורצער וועג —"
פרייהייט מוז מען אויסקעמפן מיט זיכערער האַנט.

איז ווייסער דזשאָן מיט ווייסער שולד אין האַרצן
אַרויס אין קאַמף אָן וואקל און אָן ציטער...
זאָל פריי ווערן דער מענטש — צי הויט איז ווייס צי שוואַרץ,
זאָל ברודער פון א ברודער זיין דער היטער!

אָפּגעשלאָסן איז א שווערער, בלוטיקער יאָרהונדערט
פון ברודער־קריג, פון שקלאַפעריי, געוואַלט.
עס ליכטיקט אומעטום די צייט פון וווּנדער,
דאָס אויסגעלייזטע מענטשלעכע געשטאַלט.

„דזשאָן בראַונס ביינער שימלען אין דער ערד" —
זיין ערלעך לעבן זינגט אויף אַלע ראָגן —
דאָס שקלאַפן־קינד אַצינד א פרייער ווערט
אין ווייטע, ווילדע ווינקלען האָט אָנגעהויבן טאָגן...

יעדער שפּאַן באַפרייטער א דענקמאָל פאַר דזשאָן בראַון,
יעדער נעגער־זיג — א בראָך אין ווייסן פלויט...
ס'איז ווייט פון ליטל ראָק צו טשאַרלסטאָון,
ס'פאַרשווינדן שאָטנס גרויליקע פון לינטש־און־תליה־טויט.



## פרייד

גרייטערהייט
קומט קיינמאָל ניט די פרייד —
אין ווייען ווי א קינד
זי ווערט געבוירן —
מיט פּיין פון צווייפל,
מיט וויין פון צאַרן.

גרייטערהייט
קומט קיינמאָל ניט נענוס —
ווי דאָס קערנדל פון גאָלד
ער איז אין זאמד פאַרבאָרגן —
א שטראל געפאנגענער
אין טראָפּן טוי.

גרייטערהייט
קומט קיינמאָל ניט דער שכר:
אין געפאר,
אין פייער פון געראנגל,
עס טראָגט אים אויס דער מענטש —
ווי זאַפט וואָס שפּאַרט
פון וואָרצל ביז דער קרוין —
איז לעבנס לוין.



## קאַרמעליטאַ

קארמעליטאַ זינגט ניט מער,
אין ווינקל־אויג א פולע טרער,
ווי פון אן איבערפולטן קוואל
עס טוט אויף ווייסן זייד א פאַל.

אויף קלאָרן זייד! אוי ווי... אוי ווי...
זי שטעלט געשווינד אָפּ דאָס געניי:
„א טרער איז ניט קיין וואַסער בלויז" —
ווי נעמט מען פלעק פון זייד אַרויס?

זי רייבט, זי גלעט דאָס דינע זייד...
נאָר ס'פאלט א צווייטע טרער ביי זייט...
א נאָדל־שטאָך... זי פילט עס ניט —
אויף שטאָף א רויטע קווייט צעבליט!

## די יידישע טאָכטער

ווי דבורה די נביאה,
מיט רייד ווי רייטער - שפּאָרן —
זי האָט ליבשאַפט אויסגעקנאָטן פון איר צאָרן,

דעם גאַנג פון טעג פאַרקערעוועט,
צום ברייטן, פרייען וועג!
איר וואָרט, ווי דימענט, האַרט — פאַרשפּיצט,
פאַרקריצט האָט אינ׳ם פנקס
פון איר דור
דערוואַכונג פון קוים שאַריעטן קאַיאָר;
אין נעפּל פון פּאָראורטייל געהילט,
דערפילט האָט זי די גרויסע זינד
פון „שלא עשני אשה״ — פּרעפּל
פון איר טאַטן;

מאַמע... פרוי... באַשאַפערין פון מענטשן...
פון אַלע אָנהויבן דער שענסטער אָנהויב!
זי, די שטילע טויב, געפּענטעט און געצוימט,
האָט ווי אַן אָדלער זיך געטאָן אַ הויב



און מיט פליגל=שפרייט
צעשפּאָלטן כמאַרע איבער זוניקן באַגין!

ערנעסטין ראוז,
ליכטיקע לעגענדע...
דיין וואָרט, ווי פונק צו פולווער=פאס,
געוואנדערט האָט פון אָרט צו אָרט;
דורך ביטול, רכילות, שפּאט און האס
געגאַנגען ביסטו דעם ניט=באַצאָלטן חוב
צו מאָנען פאַר דיין מין!

— — — — — — — — — —

און סטעזשקעלעך צעטראָטענע, ווי פרילינג=וואַסערלעך,
זיינען זינגענדיק און זינגדיק
אַריין אין גרויסן, ברייטן שטראָם.

## ערגעצוו יתומים צוויי

(אין אָנדענק פון די ראָזענבערגס)

ערגעצוו... יתומים צוויי,
לעבעדיקע שפּראָצן פון פאַרברענטע שטאַמען,
אָן טאַטע־מאַמען,
אָן א היים,
אָן אַ נאָמען —

יאָרן גייען,
יאָרן קומען...
זיי וואַרטן... וואַרטן —
שווייגעניש ווי בליי אויף קינדערשן געמיט!

אַזויפיל פרילינגען פאַרביי,
אַזויפיל יאָרצייטן פאַרביי,
אַזויפיל ווערטער־שטורעמס, אויסגערונען —
אַזויפיל שטומע נעכט און טעג!

ווען קיינער זעט ניט,
ווען קיינער הערט ניט,
רופן זיך די ברידערלעך
ביים נאָמען וואָס איז הייליק:



טאַטע... מאַמע —
זייער פּאָן,
זייער אָנשפּאַר,
זייער גלויבן —
זייער ליכטיקער נר תמיד...
אין דער שטיל —
זיי שווערן איינס דעם אַנדערן
אויף זייער יונג־געהיימניספולן לעבן —

ניט פאַרגעסן!
ניט פאַרגעבן!
קיינמאָל ניט פאַרשוועכן קדושה
פון טאַטע־מאַמעס אומשולדיק — פאַרשרפ׳טן געביין!

דורך כמאַרע איבער לאַנד
לויכט ליכטיקייט, ציכטיקייט פון טאַטע־מאַמע:
די שאַנד פון ליטל־ראָק,
דער בלוט־פלעק פון מיסיסיפּי, טאַלאַהאַסי, אַלאַבאַמאַ
פוילנדיקע, יאַטערנדיקע בראַנד־ווונדן,
ווי פייער־צלמים צעצונדן אויף לאָנען,
דערמאָנען יענעם אומגליקלעכן טאָג.

צוויי קינדער... שווייגן,
ווארפן אויף דער יושר־וואָג
קדושים־שטאָלץ,
קין׳ס וואָרט,
ברידער־שוועסטער מאָרד,
בייטש צו שרעקן די, וואָס וויסן ניט פון שרעק!



צו קברים הייליקע
מיט ווילד־גראָז ווערט פאַרוואקסן דער וועג.
א פאָלק אין הינערפלעט,
אין פאַלשער רו פאַרווינגט...

אין אויפגעשאריעטן באַגינען
צוויי קינדער — דעמבלעך יונגע גרינען,
אָן פרייד פון טאָג,
אָן טרייסט פון נאַכט.
אָן היים,
אָן נאָמען,
אָן רו... ערגעצוו.



# עמעט טיל

ס׳האָט נעגער=ייִנגל עמעט טיל אויף שפּאַס
אַ פייף געטאָן אין „ווייסער״ הייליקייט פון גאַס
און ניט געוווסט אַז שטראָף איז טויט
פאַר אומשולדיקער קינדער=פרייד!

מיסיסיפּי=נאַכט איבער גרויל געוואַכט —
געשוויגן!

לינטשערס האָבן זיך אין פּנים איר צעלאַכט —
געשוויגן!

פאַרשלונגען זינד פון מאָרד האָט טייך=טאַלאַהאַסעס —
געשוויגן!

כוואַליעס=ליילעכער פאַרדעקט דעם רים אין וואַסער —
געשוויגן!

לבנה=ליכט — קאַלטבלוטיק שטאָל אין מערדער=אויגן —
געשוויגן!

תכריכים נאַסע איבער נעגער־קינד פאַרצויגן —
געשוויגן!

זאַמד פון ברעג האָט מערדער־שפּאַן פאַרמעקט —
געשוויגן!

מיט שאָטן האָט די נאַכט דעם בלוט־שפּור צוגעדעקט —
געשוויגן!

— — — — — — — — — —

די מיסיסיפּי־טאַלאַהאַסי־נאַכט גלייכגילטיק, פאַרחלומט־שטיל
געווען איז שטומער שותף צום מאָרד פון עמעט טיל!



## אַ דאַנק דיר, מענדעלע!

א דאַנק פֿאַר געבן מיר דעם עבר וואָס איך האָב פֿארפֿעלט,
אַ דאַנק דיר, מענדעלע, פֿאַר דיינע שטילע, רעדעוודיקע פֿארבן,
דו האָסט פֿאַר מיר אַנטפּלעקט אַן אויסגעלעבטע וועלט,
פֿאַר מיר דעם המשך־ברויט גערדראָשן פֿון פֿארדארטע גארבן:

הינטער רוקן פֿון האָרבאטער, געזען האָסטו א מענטשן,
צו ליבשאַפֿט האָבן פּישקעס קרומע פֿיס געפֿירט;
אויף ליפּן צבֿיעותדיקע דאָס פֿאלשע פּרעפּל־בענטשן
דו האָסט מיט שאַרפֿקייט פֿון דיין ווערטער־פֿארב קאָלירט.

דיין קול, ווי קריי פֿון האָן אין טונקעלע פֿארטאָגן,
האָט שדים־טענצער פֿון דעם מאַרק פֿאַרטריבן,
מיט פֿערד־און־וועגעלע דו האָסט צום פֿאָלק געטראָגן
די פּירות וואָס דו האָסט אויף פֿעלד זיינעם געקליבן.

פֿון אונטער שבת־גלאַנץ פֿון זיידענער קאַפּאָטע
דו האָסט אַרויסגעשלעפּט א ברודיקן געוויסן,
געשאבן שימל־גרין אָן אָפּהאַלט, אָן חרטה,
ניט געלאָזט מיט האָניק קלעפּיקן דיין וואָרט באַזיסן.



דו האָסט פאַר קרומע און פאַר לאָמע זון געמאָלן.
גאָטס וועלטל מיט דיין קינסטלער־פּענזל אויסגעצירט,
אַפילו בלינדע דערקוויקט האָסטו מיט בערג און טאָלן
און קינדער הונגעריקע מיט מעשהלעך פון זעט גערירט.

אונטער ברודיק העמד און קלייד פון צייט צעביסן,
דו האָסט דערפילט א האַרץ ווי פּאַלאַץ גראם,
אין קליינעם מענטשעלע, פון שפּאָט און נויט געשמיסן,
דו האָסט דערשפּירט דעם כוח פון געזונטן שטאם.

געבענטשט זיי, גרויסער מוכר־ספרים מיט פערד־און־וואָגן.
פאַר דיין ירושה־גאָב, נעם, זיידע, צו מיין דאַנק —
ס'איז אַלץ נאָך שווער צו שלעפּן ביכער־וואָגן
און אויפזוכן פאַר יידיש וואָרט אַ בכבודיקן אָרט אין שראַנק.



# מים־חיים

א קליינער, איינגעקלעמטער טייך צווישן בערג —
גלויביק־טרייסטנדיק זיין גאַנג,
מונטער־פריש זיין גרוס;
וואָס שמעלער וואַסער־פּאַס,
אַלץ שטורמישער דער פלוס...
גראָד ווען פעלזן־ווענט, ווי צוואַנגען דריקן צו,
שפּרינגען כוואַליעס, ווי די ספּאָרטלער, איבער שטיינער.
וואַסער־אומרו בייסט מיט זשעדנע ציינער
איינגעוואָרצלטן מאַסיוו,
פעלזיקן געדריי
באַרג־ארויף —
אַרויסרוף צו באַוועגונג —

און קומט א פאַל,
ווערט שטילסטער וואסער — דינאַמיט:
ברעכט קאנקריט,





גראָבט די טיף,
דרייט די ראָד,
פירט די שיף,
יאָגט די מיל —
דורך ריטמישער באַוועגונג פון טורבינען
מיט פונקען-שפּריי ער שיט.
פאַר היץ, פאַר ליכט, פאַר זעט!
מים-חיים — מיט קראַפט ווי פייער-פערד
אין לוסטיקן געוועט.
זיין קראַפט צעשפּילט אין בלוט-שטראָם פון מאַשינען-
טריומף-געזאַנג,
אין שווערן מחיצהדיקן גאַנג
פון לעבעדיקן וואַסער!

## יורשים

כ'האָב אַ פּאָדים אַ שטאַרקן געשפּונען,
כ'האָב רינגלעך געשמידט פאַר מיין קייט,
נאָר איך האָב קיין יורשים געפונען,
וואָס ווילן מיין גאָב און מיין פרייד.

עס פעלן דען פעדים-געוועבן?
עס פעלן דען גאָלדענע קייטן?
ער ארום ווינקט מיט פארטיקן לעבן
מיט טישן פון אלדראָס-גוטס גרייטע.

כ'האָב לידער פון האַרצן גענומען,
כ'האָב טרוימען פון שטערן אַנטליען,
פאַר קינדער פאַרזייט זיי ווי בלימען,
זיי זאָלן אויף וועגן צעבליען.

עס פעלן דען בלימען און טרוימען?
עס פעלן דען לידער פון מאַמען?
אַז ס'וואַרטן צעעפנטע רוימען,
אַז עס ווינקען די גרונטן פון ימען!



כ׳האָב א פּאָדים א שטאַרקן געצויגן,
כ׳האָב פּאַר קייט מיינער רינגען געשמידט,
און איך זוך אַלץ מיט אומרו אין אויגן
די יורשים פון גלויביקן ליד.



## מאַוזאָליי פון וואָרט

אמאָל, אַמאָל...
ווען שלום וועט מער ניט גראמען זיך מיט חלום
און נויט — מיט ברויט,
און דייטש מיט בייטש,
און לאַנד מיט שאַנד —
וועט מען די ווערטער אַלערליי
באַהאַלטן אין אַ מאַוזאָליי —
דעם הייליקן אָרט
פון אויסגעדינטן, אויסגעלעבטן וואָרט:
מיט גאָלד בארעמלט יעדעס אות,
אין אַ טרונעלע פון גלאָז,
מיט קוויטעלע ביי זייט —
„פאַר טרייער דינסט,
פאַר שפּערישער גבורה
געבראַכט צו קבורה
דורך דער אויסגעלייזטער צייט“.



# אַמאָל

כ׳פלעג זינגען בייטאָג,
כ׳פלעג זינגען ביינאַכט,
מיט מיר האָט דאָס הויז
און דער דרויסן געלאַכט.

כ׳פלעג זינגען פון פרייד,
כ׳פלעג זינגען פון צער —
און געזאָגט האָט מיין באָבע:
אַזוי טוט א נאַר.

ס׳זענען יאָרן געקומען,
און יאָרן געגאַנגען,
כ׳האָב בויגנס פאַרשריבן
מיט מיינע געזאַנגען.

געזונגען פון שלאַכטן,
געזונגען פון זיגן,
פון מענטשן דערוואַכטע,
פון קינדער אין וויגן.



איצט זינג איך דאָס שוואַן=ליד
צו וועלט וואָס פאַרגייט,
איצט זינג איך צו שניטער
פון שלום און פרייד.

אין „קלוגיטשקער“ וועלט
פון שרעק און געפאַר
איז טיילמאָל א כבוד
צו זיין גאָר א נאַר!



## „שפחה — שפראך"

— הונדערט יאָר שלום־עליכם —

ווי א מאַמע איר באַוולט קינד,
ער האָט פאַרשטויסענעם זשאַרגאָן
צום האַרצן צוגעטוליעט,
אין יום־טוב־בגדים אָנגעטאָן,
צום אויבנאָן געפירט:
רעגנבויגנדיקע, פערלדיק־צעשפּילטע ריי־
האָבן נשמהדיק גערירט...
אזא מאַמעדיקער קלאַנג,
אַזאַ מחיהדיקער וויג־געזאנג,
אַזאַ שפּאַסיקייט דעם טרויער צו פאַרזיסן!
און ס'האָבן פרעמד־געוואָרענע,
בשתיקה... קיינער זאָל ניט וויסן,
מיט מדבר־דאָרשט געטאָן א פאַל
צום פרישן י י ד י ש — קוואַל...
א לאַנג־פאַרגעסענער ניגון
איז אויפגעשטיגן פון קוועלענדיקער טיף...
שאָרך פון ווינט,



שמייכל פון קינד,
מאַמעס טרער און טאַטנס ברכה,
שטיפמאַמעס קללה־גוס —
ווייטער, זיסער גרוס... מ ש פּ ח ה אָ ט ע ם,
גילדענער פּאָרעם!
ס׳האָט היימיש מאָנענדיקער ניגון
פֿאַרווישט דעם בלבול־ליגן —
ש פּ ח ה ־ ש פּ ר אַ ך!



# פ ר י ל י נ ג ־ ס פּ אָ ר ט

ווי איבער דינעם אייז, אין גאַנג צום נייעם ברעג,
א פרילינג־ספּאָרט מיט גרויס געפּאַר און שפּאַנונג,
לענגער ווערט פון הינטן שווערער וועג,
פולער — האַרץ מיט זיסקייט פון דערמאָנונג.

ווער עס זייט זיין וואָרט ווי פויער אינם פעלד,
איז גרייט אויף שטורעם, דונערן און בליצן,
און נעבעכדיק איז זען אין רירעוודיקער וועלט
דערשראָקענע, וואָס אויפן ראַנד פון וואָגן זיצן...

אמת — ווערטער, פאַרזייט ווי ווינטער־ברויט,
דעם זאַפט, די קראַפט פון שטורעם זויגן איין,
ביז ס׳ווערט אין פעלד א זאַנגען־ים צעוווייט
פול מיט פרילינג־בלוט און זונען־שיין.

דורך קרעכץ פון קריעס, ווי ים־פאָרער געניטע,
זיי צילן, גלויביקע, צום לויכטענדיקן טורעם...
און ס׳ווינקען האָריזאָנטן פרילינגדיק צעבליטע
און ס׳רופן רו־און־שלום־טעג, די קינדער פונעם שטורעם!



# א דיכטער

(הומאָרעסקע)

זיצט א דיכטער, בייסט די נעגל —
וואָס דולט מען אים מיט מאַרקס, מיט העגעל,
וואָס שפּאַלט מען האָר פון שקר — אמת,
אַז ס'ארט אים גאָר — ווו נעמט מען טעמעס?!

פון אַרבעטער? פון פּראָסטע זאַכן?
פּע! ניט שיין א ליד צו מאַכן...
טראַכט ער, טראַכט און קנייטשט דעם שטערן,
פון געדאַנקען פּלאַנטערס ווערן.

גיין גראָד וויל ער — נאָר ניט קומען,
אָן א רעגן וויל ער בלומען,
אָן א שטורעם —ברויט אין פרילינג,
קאַמף ביי אים — ניט ווערט קיין שילינג!







שפּילט, ווי קינד, מיט ווערטער־קרעלן,
ווייס ניט ווי און ווו צו שטעלן,
וואַרפט ער זיי ווי ס׳שטייט און גייט —
וואַקסן שורות לאַנג און ברייט.

ספּוטניקעס פליען, לוניקעס שוועבן,
אויף אַלטן ברוך בליט נייעס לעבן,
הינטער קראַטעס — יושר, אמת...
נאָר דעם דיכטער פעלן טעמים!

ס׳פאַלט פאַנאַנדער בבל־טורעם,
מענטשהייט בויט אַ נייעם פורעם —
נאָר דער דיכטער בייסט די נעגל,
זוכט אַ ווינט פאַר זיינע זעגל!



# ווו בלומען בליען

ווו בלימען בליען, אויך ווילדגראָז קומט אַרויס,
ווו ביימער גרינען גייען אויף אויך פּאַראַזיטן,
אָן שטעכל־דערנער — נאַקעט איז די רויז,
אָן באַמיסטיקונג וואַקסן נישט קיין פרילינג־בליטן.

נאָך האָניק צו די קווייטן בינען קומען
און פאַלן אָפּט אין קראָפּיווע אַריין.
אין בליענדיקן גאָרטן קרייטעכצער און בלימען
אויף דער זעלבער בייט זיך ראַנגלען פאַרן זיין.



## דער פאָלקס־טרובאַדור

און פּלוצלינג...
ביי דעם לעצטן בויג פון וועג
איז ער אַוועק!
ער, דער סקולפּטאָר פונם וואָרט,
פון איידלסטן געפיל,
ליגט שטיל —

דער זינגער און באַזינגער פון זיין פאָלק, זיין לאַנד,
געפאלן איז ביים סאמע גרענעץ־ראַנד
פון ראַנגלדיקע וועלטן.
ער, דער גלויבן־טרעגער
פון אונדזער המשכדיקן גאַנג —
דער וואַנדערנדיקער טרובאַדור
האָט זיין געזאַנג,
ווי ווינקלשטיינער אויסגעשטעלט אויף אונדזער פלאָנטער־וועג...
נאָר ס'האָט קיין שליטה ניט דער טויט
אויף דעם וואָס האָט געאַקערט און געזייט,
אויף דעם וואָס האָט מיט פולער האַנט
גענומען און געגעבן...
און אין יעדער שעה און רגע פון'ם טאָג
אַריינגעלעבט א גאַנצן לעבן!



## חברשער פרייד

איך וועל פון קיין ליבע ניט ריידן מיט דיר
בלויז שענקען פון ווייטן אַ בליק,
און ס'וועלן זיך ליפּן קוים געבן אַ ריר
און דאָרשטיקע בענקען נאָך גליק.

מיר וועלן אויף גאַסן מאַרשירן, מיין פריינט,
און גוט וועט זיין שווייגן באַנאַנד
און פילן אין ברען פון דעם שטורמישן היינט
אַ פעסטע חבר'שע האַנט.

און הייליק ווי קאַמף וועט די ליבשאַפט אונדז זיין
אונדזער נאָנטקייט וועט נערן דעם מוט,
מיר וועלן פאַר ליבע, פאַר אַרבעט און קאַמף
פאַרוועגדן דעם ברויז פון אונדזער בלוט.

# בלימען

ביי מיין קראַנקן־בעט
האָבן בלימען זיך צערעדט,
ווי רויזן־אָטעם שטיל,
מיט ריטמישן געזאַנג
פון פאַרבן־שפּיל.

האַלב באַוווסט איך הויב די אויגן אויף
צום פרישן גרין,
צום רעדעוודיקן בלימען־טאָפּ —
עס שווינדלט מיר אין קאָפּ.
איך וויל טאָן אַ ריר, אַ גלעט,
פאַלט די האַנט אין אָנמאַכט אויפן בעט.

אין האַלבן דרימל —
אָוונט־רויט פון הימל,
געזאַנג פון בליטן ציטערט אין דער שטיל,
פלאַטער־טריט פון „שוועסטער“ איבער דיל.
אַ נאָדל־שטאָך, אַ פּיל, אַ זיסער רוי־געטראַנק,

אַ ווייסע האַנט ווישט שוואַכקייט אוים פֿון ברעמען —
ווי גוט, ווי גוט דאָס זיין,
געזאַנג פֿון בלוט אין אַלע גלידער —
כ׳שלאָף איין.



# שכנים

ערשטע דירה —
ערשטע טריט —
יונגע פּאָר — פון חלום צו וואָר!
ביידע... קינדער...
יעדן טאָג אַזוי:
זי וויינט,
ער טרייסט
און דאָס ניט־געבוירענע הערט און שווייגט.

לעבנס — פענצטער אָפענע קוקן אַריין:
אין שטילן ליכט־ און שאָטן־שיין
פאַרליבטע יונגע פּאָר
אַנטקעגן אַלטער האַרבער וואָר —
צוויי אין איינס...
„ליבסטע מיינע, נאָר ניט וויינען...
ס'וועט קומען... אונדזער היים באַשיינען...
קוק מיך אָן — כ'בין יונג און שטאַרק —
ווי אַ פעדערל וועט אָל זיין אָף מיין קאַרק!“
אָרעמס מיידלשע ווי שטראַלן אַרום זיין נאַקן.
ער קושט די ברעמען... די צעהיצטע באַקן...
לעצטע צווייפל־טרער...
זי וויינט ניט מער.

— — — — — — — — —



## עפּיגראַף פאַר אַ פריינט

אָפּגעשלאָסן שפּונט פון לעבן...
לעצטער טראָפּן־פאַל
פון אויסגעלעבטער טיף:
אויפגעלייזט אין קאַרגער האָפנונגס־שטראַל
אין קאַלטן גליוער —
אַ זון־פאַרגאַנג, וואָס האָט ניט קיין קאַיאָר!
גרויזאַם פולע שטילקייט
פון מ ע ר נ י ט ז יי ן,
פּיין פון הילפלאָזיקייט ווי שווערער פרעס...
געווען אַ מענטש... אַ וואַרעם האַרץ,
אַ שימער אין די אויגן —
אַצינד... אַ גוף... אַ מת
מיט פּראָסטיקייט פאַרצויגן,
מיט קאַלטן טוי פון טויט!

אַ ליכט אין פלאַם פאַרגייט,
איש ווערט פון אַ שייטער האַלץ —
נאָר מענטש?! אָ, ווי שטאָלץ
אין לעבן און אין טויט!






זיין פ ו ר ע ם גייט אַ גאַנצער
צו דער מאַמע ערד,
צו אייביקייט פ ו ן ז יי ן,
ווו סוף ווערט אָנהייב,
און שטאָף ווערט לעבן!

אין האַרץ פון נאָענטסטע, אין פריינט׳ס זכרון
פאַרבלייבט דער פּרוכפּער־שטויב
פון פול־געלעבטע יאָרן,
שפּורן ליכטיקע, ווי פעדים איינגעוועבט
פאַר קינד און קינדער׳ס קינד —
פאַר אַלץ וואָס לעבט און ליבט... און א י ז !



# דיין בילד

מיין זון וויקטאָר

איבער שיינעם פּנים אומעט-טיול פאַרצויגן....
מאָדנע איז אַ ליפּ אויף ליפּ פאַרקלעמט...
וואָס פאַרשאָטנט האָט דעם בליאַסק פון דיינע אויגן?

וואָס האָט שאַרפקייט פון דיין בליק פאַרטעמפּט?
וו איז שמייכל ליבלעכער, וואָס רייסט מיט גוטסקייט מיט?
וו דיין יינגליש-שטיפערישער ווונק?
ווער האָט אין דיין צעפּאָכעט-פליגלדיק געמיט
געוואַגט פאַרשטיקן לויכטנדיקן פונק?

דיין פּנים ווי אַ סטרונע שטייף-געשפּאַנט...
וועט ליד דיינס כוואַליען לייכט ווי פרילינג-פלום?
וועט פרייד צעזינגען זיך אונטער דיין קינסטלער-האַנט
און אויסשפּינען פון קלאַנגען-פעדים מיר אַ גרום?!

## בענקעניש

כ׳האָב פלוצלונג זיך פאַרבענקט נאָך אַ סאָסנאָוון וואַלד,
נאָך לאָנקעס פייכטע מיט קרעניצעס צעזילבערטע ווי שפיגל־ברוך
אין גראָז,
נאָך זון־צעברוינטן נאָדלוואַרג ווי טעפּיך אונטער פיס —
דאָס האָבן אָנגעהויבן צעפרילינגטע, פאַרשלייערט זיס,
צעפראַלט די פענטעס פון זכרון —
דאָס האָט די שיכור־דופט, ווי קרעפטיקער פאַרפום,
אַ שפאר געטאָן פון דעם אַרום — פון יעדן קנייטש און שפּאַלט,
צוריק אַ שלעפּ געטאָן צו גרינע פרילינג־יאָרן.

קליינשטעטלדיקער וואַלד — אַ כישופדיק־צעיווירענער מיט
אייביק גרין. .
אַהין איז מיידל — קנאָספּענדיקע פרוי —
געגאַנגען חלומען חלומות:
אַ באָרוועסע מיט קליידל איבער קני פאַרשאַרט,
זי פלעגט מיט פרילינג־וואַסערלעך איבער די שטיינדלעך שפּרינגען
און זינגען לידער —
לידער אויסגעשטראַלטע, אויסגעטראַכטע אָן אַ פאַרוואָס, אָן מיין --
אַ פרימיטיווער לויב דעם וווּנדער פון אַרום,
דער בלום פאַרוויקלטער אין זיך אַליין.

ס׳האָט יעדער גליד געגאַרט, געוואָלט פון סוד געניסן,
האָט זי ביים טייכל־ברעג זיך לאַנדישיִס געריסן
צו באַקרענצלען אירע כוואַליענדיקע האָר,
האָט זי, אַ דאָרשטיקע, געטרונקען שיכורדיקע, רעגנדיקע וואָר:
אַ פויגל־רוף,
אַ בינען־זשום,
אַ פלאַץ פון קנאָספּע אין אַ רייפער בלום,
אַ טאַנץ פון זילבער־טייכל איבער גאָלד פון זאַמד —
ס׳איז קלאַנג און טעם פון לעבעדיק־צעיוירענע געוועבן
אַריין אין גרויס געזאַנג אירן צום לעבן!

פאַרוואָס זאַ בענקעניש אַזאַ נאָך אַ סאָסנאָוון וואַלד?
נאָך קרעניצעס, ווי דימענטן, אין גרינסטן גרינעם טאָל?
ווייל ס׳האָט אין זוניקן אַרום זיך פריש צעשפּילט דער פרילינג...
נאָר ניט זיין צווילינג בין איך ווי אַמאָל...

פאַרבליבן איז דער גלויביקער עקסטאַז...
די ערד, די קרעניצעס מסתמא אויך פאַרבליבן,
ס׳זינגען אפשר פייגל נאָך אַרום פאַרברענטן וואַלד,
נאָר מער ניטאָ, פאַרמעקט מיט בלוט, איז אָנהייב מיינער פון
מיין שטאַם —
פאַר׳אַש׳ט אין אייביקייט פון קרעמאַטאָריע־פלאַם.

ווייל ס׳שפּילט פאַרגייענדיקע זון אין מיינע זילבער־האָר,
כ׳האָב פלוצלונג זיך פאַרבענקט נאָך טעם פון יונגע טעג —
איז גוט, וואָס פרילינג איז דער צווילינג פון מיין כישוף־וואָר,
איז גוט וואָס, ווי אַ יונגער, ספּריטנער הירש ער לויפט און נעמט
מיך מיט אין וועג.

# א פריינט

ווילסט וויסן וואָס עס מיינט אַ פריינט?
קוק טיף אַריין אין אייגענעם געמיט —
אויב אין פאַרבאָרגנקייט אַ גלימער שיינט —
ווייס — פריינטשאַפט האָט זיך דאָרט צעבליט!

ווילסט וויסן וואונדער-זין פון „נאָענט“,
פאַרבלייב מיט זיך אַליין אין אומעטיקער שעה —
דערשפּירסטו וואַרעמקייט, אַ בענקשאַפט מאָנט —
דאַן ווייס — אַ פריינט איז ערגעץ דאָ.

אַ באַק, אַ ליפּ קאָן שמינק באַשיינען —
נאַקעטע זענען מענטשנס אויגן —
ווי שפּיגל-גלאָז זיי מוזן שיינען,
אָדער מיט ליגן-בעלמעס זיין פאַרצויגן.

פריינטשאַפט לייקנט צייט און מיילן —
פון אַלטן פּנים יונגשאַפט ווינקט צו דיר —
מיט פריינט אָן רייד קענסטו זיך טיילן,
אָן בליק דערפילן עכטקייט פון באַריר.



ווען פרייד ווי שוים פליסט  איבער ברעגן,
ווען איינזאַמקייט און צער איז שווער פאַרהילן,
אויף פלאָנטער־קנופּ פון לעבנס וועגן
־עם אָטעם פון אַ פריינט דו וועסט דערפילן!




## די קימפעטאָרן

לעצטער ווײ... ערשטער אויסגעשריי —
אַ קינד, אַ מענטש, אַ מאַן
צעעפנטער פאַנטאַן פון לעבן,
ליכטיקער, אָנסופיקער צושטייער...
מאַמעס בריק צו דורות ניט־געבוירענע...
זי האַלט דאָס עופעלע אין האַנט
אויסגעשעפּט... אַנטשפּאַנט —
„די אייגעלעך... די ליפּעלעך... די האָר —
דער טאַטע ווי אַ האָר".
ווי אויסגעשפּילטער ריטעם — שטוים פון ימען
זינקט אויסגעליידיקטקייט פון מאַמען
מיט ליבשאַפט־דאַנק, מיט מילד־צעכוואַליעטן באַגער.
אָ, מאַן, אָ טאַטע, ווו איז ער?
אָנהייב פון מיין קינד... קום געשווינד
און נעם דיין חלק נחתדיקן זיין,
די חיותדיקע פּרי פון אונדזער ליבשאַפט־וויין.
צום טיר די אויגן... ס'ערשטע מאָל — זוייגן!



„שוועסטערס“ טריט — ריטעם פון אַ ליד.
איר גוף איז מיידלש־לייכט און שלאַף —
„אָט... איר ערשטער קונסט־באַשאַף“.
די הונגעריקע ליפּלעך בייסן ברוסט מיט קראַפט,
זי פּילט דעם זיסן פלום פון אייגן זאַפט
און דריקט צום האַרצן איר אייגנס, איר ערשט־געבוירן...
און עס דוכט זיך, ווידער איינס זיי זענען איצט געוואָרן.

# אַ שטיקעלע פּאַפּיר

גערווידמעט א לעזערין

זיבן צענדליק יאָר אויף אירע פּלייצעס,
גרין ווי פרילינג־שפּראָץ פאַרשטאַנד,
אין ציטערדיקער האַנט
אַ ציטונג־אויסשניט —
אָפּגעהיט, פאַרקנייטשט, צעגלעט.
אויגן יוגנטלעך צעהעלט,
אַ שמייכל־עכאָ פון אָפּגעבליטן חן.
פון פרעמדע ציין,
פאַרפּוצטע ליפּן,
אַ קלוגשאַפט לויכט דורך אויסגעבלייכטער שיין.
מיט שפּור פון פרויאישקייט,
מיט חנעוודיקן פינגער־ריר,
זי גלעט די שיטערקייט פון איר פריזור:
„אָט... פאַרבליבן... איר אַליין האָט עס אַמאָל
געשריבן".

איך נעם פון איר
דאָס שטיקעלע פּאַפּיר —
איך גלעט ווי מאַמעס,

איר ברוין=באַשפּרינקלטע האַנט
און לייען דאָס פּאַפּירל אָן אַ קול:
„אַ רויז פון הינטער=הויף האָט עמעצער אין לאַץ אַריינגעשטעלט
און זי פאַרטראָגן אין אַ פרעמדער וועלט“
אַמאָל!... אַ טיר צעעפנט צום אַמאָל!
איר פּנים פון דערמאָנונג שטראַלט...
צוריק אין אַלטע קנייטשן אויסשניט פאַלט...
פאַרשולדיקט שמייכלט אַלטיטשקע צו מיר:
„פאַרנאַרישט!... ווייס איך?... בלויז אַ שטיקעלע
פּאַפּיר!“

# אַ נאָמען

אַ לאַנג, פאַרוואָקסענער מיט מאָך פון צייט
טויכט אויף אַ נאָמען...
איך מיש מיין לעבנ׳ס פנקס — זייט נאָך זייט...
אַ שולד־געפיל צינד אָן מיין בלוט:
אין שאָטן־נעץ פאַרצויגן
ער שטייט פאַר מיינע אויגן
און מאָנט אַ חשבון,
מאָנט אַ ווינקעלע אין מיין זכרון:
ווי פון הייסן קאָך,
עס שטייגן בלעזלעך ליידיקע — די יאָרן
פון יונגער ליבע, שווערן בראָך...
עס האָט דער פלוס פון צייט פאַרשווענקט
דעם נאָמען און דעם טרעגער
און איצט ביים ראַנד פון נאַכט
צום אַלטן ברעג צוריק־געבראַכט!

— — — — — — — — — —

פאַרגיב.. פאַרגיב, מיין פריינט,
ס׳איז דאָך אַזאַ רירעוודיק — צעפּאַטלטער...
אַזאַ פולער, ראַשיק — לויפנדיקער היינט!



## ע ר ג ע ץ ־ ל אַ נ ד

ס'האָט פּרץ אין א מעשהלע געמאָלן
דאָס ערגעץ=לאַנד פון פרידן און ליכט
אויף הויכן, הויכן באַרג
אין שכנות מיט די זונען —
איך האָב דעם באַרג געפונען,
[illegible] פילגרימען פון טאָלן,
געלייטערטע אין פינצטערע אַמאָלן.

אין גאָרטן=וועלט — העלט,
פעטאַלן פון פרילינג=בלי
פאלן, פאַלן, ווי פאַרביקע קאָנפעטי,
אויף זיג=פאַראַד
פון ערלעכן מארשרוט...
עס רייפט די פרוכט פון מי און מוט
מיט טערפקער זאפטיקייט פון טעג
אין הויט באַהאַלטן.

ווירדיק=זיכער איז מענטש אין וווקס!
געטוויפט אין זון און וויכער,

ער טראָגט ז יי ן וו ע ר ט,
זיין חשיבותדיקע גאָב
ווי קרוין אויף קאָפּ —
ס'איז א יי נ ס מיט צ יי ט,
מיט צוזאָגן פון שטערן
זיין אייל־עניש צו ווערן...

זיך אַליין איצט פורעמט מענטש
פאַר זיין באַרוף!
ניט ווי גוף געקלעפּט פון סקולפּטאָרס האַנט —
ס'ווערט יעדע צעל באַנייט
מיט ריינסטן טוי.
ס'ווערט יעדער נערוו געטאָנט
פאַר מענטש־געבוי —
אַז איין־קייט זאָל האַרץ מיט האַרץ פאַרקניפּן,
אַז ריינקייט — זאָל ווי היילונג זיין אויף ליפּן.

א נאָמען האָט איצט ערגעץ־לאַנד פון ליכט,
א קלאַנג א היימישן די שפּראַך פון שטראַלן —
שאַלן עכאָס פון די הויכן
איבער וועלטן,
איבער רוימען,
איבער ליכטיקע קאַיאָרן,
און ס'ווערט דער מענטש
פאַר פרידן און געניס איצט ניי־געבוירן.



## האָלאָוועשקעס

איינער קעגן אַנדערן...
באַזונדער און צוזאַמען —
טליענדיקע האָלאָוועשקעס... אויסגעברענטע פלאַמען...
גלייכגילט... אָנמאַכט...
וווּ זענען פייער-פלאַטערלעך,
וואָס האָבן נאַכט באַזונט?
וואָס האָבן בונט, ווי מיידלשע חלומות,
צו הימלען זיך געצויגן?!

אין אויגן, פון צייט-נעפל, פאַרכמאַרעט —
ביטערקייט פון טרערן ניט-געוויינטע,
ליידיקייט פון האַרצן,
נאָכקלאַנג פון גליק... וואָס איז ניטאָ...
א פונק פאַריתומטער טויכט אויף פון אשן-גרוי
און קומט מער ניט צוריק...
אַ צווייטער טוט אַ שפּרונג... לעשט זיך אויס
אָן שטוים... אָן אומרו-שווונג, אָן דראַנג —
אָן אויסגעזונגענער געזאַנג!



האַלאָוועשקעס פון א פריידלאָזן לעבן —
ניט גענומען... ניט געגעבן...

— — — — — — — — — —

איינע קעגן אַנדערן...
באַזונדער און צוזאַמען
פאַרבליבן איז איין־איינציקער באַגאַזש
א הויפן קאַלטער... גרויער אַש.



## און קומען וועט אַ טאָג...

און קומען וועט א טאָג,
און איך וועל מער ניט זיין!

די זון וועט אויפגיין און פאַרגיין,
וואָלקנדלעך, ווי קינדער,
וועלן זיך אין „באַהאַלטנס" שפּילן מיטן ווינט.
א קינד וועט וויינען,
א קאַץ וועט מיאַוקען,
א מאַמע שטראָפן וועט איר קינד וואָס שלאָפט צו שפּעט,
שכנים וועלן זיך אין רייד-געווער פאַרמעסטן...
נאָר שטומען וועט מיין וואָרט, —
פאַרגליווערט מיין געזאַנג.
אויפן טיש מיין פּען — אַן אָרעמע יתומה,
אויף שטיקל ליידיקן פּאַפּיר —
פריש ווי ווינטער שניי אין פרעסטן באַגינען.
ניט באַרירט...
איך וועל מער ניט זיין,
ניט זען, ניט הערן און ניט פילן!

קומען וועט א נאַכט —
אין סאַמעט בלוי מיט גאָלדענע בראָקאַטן,
מיט דימענטן לענגאויס איר שלעפּ,
מיט מיסטעריע־ווונק אין יעדן פאַלד,
און ליכטן וועלן נאָענטע פּלאַנעטן, ווי הייליקע,
מיט ליכט־קרייזן אַרום די קעפּ.
נאָר דאָס פאַרמאַכטע אויג וועט מער ניט שיכור ווערן
פון שטערן־פּראַכט...
פון סודותדיקן פרייד־עקסטאַז
פון לעבן...

קומען וועט א צייט —
א אויסגעטראָגענע, א רייפע,
מיט פולע טרויבן־גליק אויף צווייגן,
נאָר שווייגן וועט מיין וואָרט,
מיין ליד!
מיין לעבנס־לוסט, מיין ליבשאַפט־וויין,
וואָס האָט מיט האָפנונגען פאַרשיכורט —
וועט מער ניט זיין!





## מיין שטעטעלע קריניק

מיין שטעטעלע קריניק — אַ בילד אין זכרון,
כמעט ניט פאַרטונקלט אין נעפּל פון יאָרן...
מיין טאַטע און ברידער, מיין היים און מיין גאָרטן...
איז ערגעץ אַ זכר פאַרבליבן כאָטש דאָרטן?!

יאָרן מלחמה פון חורבן און גרוילן,
מיט בלוטיקן אַקער צעפּליקט האָבן פּוילן.
אין אַש ערגעצוו איז משפּחה פאַרבליבן —
ס'האָט נאַצישע בעסטיע און פלאַם ניט געקליבן...

כ'האָב פּעדים פון טרייסט און פון האָפענונג געשפּונען
די נעמען פון נאָענטע געזוכט... ניט געפונען...
נאָר ווידער און ווידער דאָס זוכן באַנייט
צווישן שארית הפליטה פון גיהנום באַפרייט.

און אָט בין איך ווידער אין שטעטל צוריק,
באַנעם וויסטן חורבן מיט אייגענעם בליק:
דער קיילעך פון מאַרק — אַ חורבע מיט ברוך,
צווישן געסלעך פאַרמעקטע, מיין געסל איך זוך.






„אָט איז עס! דער ברונען, די בוימער, דאָס הויז"
איך שריי מיט אַ ציטער אין שטימע אַרויס,
„די ביימער!.... ס'האָט טאַטע אין טאָג פון מיין געבוירן
פינף ביימלעך פאַרפלאַנצט... שוין זעקס צענדליק יאָרן!

און אָט איז דאָס הייזל, דער גאַניק, דער גאָרטן...
אַ פרעמדע משפחה לעבט איצטער דאָרטן,
ווי אין פיבער באַריר איך אַ ברעטל, אַ שטיין,
ווי ביים אָפענעם קבר עס שטיקט דאָס געוויין...

שטייען אַן ווערטער די פוילישע שכנים:
„יאָ, יאָ, ניט געשאַנעוועט האָבן זיי קיינעם,
אויך מיר האָבן צרות און טויט־שרעק געליטן...
נאָר גרויליק געווען איז דער גורל פון יידן".

אין האַרץ קלאַפן האַמערס, עס בלוטיקט געמיט.
מיר דוכט, אַז איך פיל ערגעץ דעם טאַטנס טריט...
אין ריח פון לופט זיין בלוט, זיין טרער,
אין יעטוועדער שטיינדל און זעמדל איז ער...

ווי פון אַ לוויה איך וואַרף אויף צוריק
אויף היים און אויף ביימער צעגרינטע מיין בליק...
פון שטעטל מיט יידן, פאַבריקן און קראָמען
פאַרבליבן איז אָנדענק — אַ ליכטיקער נאָמען!

אומקום פון קריניק אין פנקס פאַרשריבן,
איר קעמפערישער גייסט — איז ירושה פאַרבליבן,
איר העלדישער שטעל ביזן לעצטן טאָג,
ווי אַ דימענט־געוויכט ליגט אויף דער קדושים־וואָג!



— — — — — — — — — —

מיין שטעטעלע קריניק — אַ בילד אין זכרון, —
בלוטיקער חורבן, שרעקפולע יאָרן —
פון ליבסטע און נאָענטסטע פאַרבליבן איז קיינער,
בלויז משפחה־מצבה — פינף גרין־גרינע ביימער!



## אויפן טויט פון אַ פריינט

צום לעצטן מאָל אים זען — מיר זיינען דאָ געקומען,
פאַרהאַקט וועט ווערן באַלד דער קאַסטן־דעק,
אַרום שוין וויאַנען פריש־געשניטענע בלומען,
מיט לעצטן אָטעם זיי יאָגן טויט־גערוך אַוועק.

דער לעצטער פאַרהאַנג פון דער שפיל פאַרצויגן,
אַ טרויער־נעפּל איבער זאַל, איבער געמיט פאַרשפּרייט,
אויסגעלאָשן רוען אַלטע, שטענדיק־פרעגנדיקע אויגן,
איינגעגליווערט איז אויף ליפּן גלייכגילט פונ׳ם טויט.

וואָס טראַכט אַ לעבעדיקער אין טונקל פון לוויה־צימער,
ווו ס׳ליגט אַ פריינט אין שטייפער, קאַלטער רו?
וואָס פילט אַ מענטש אין טיפסטן טאָל פון קומער,
ווען ס׳דוכט זיך — ס׳ליגט אין גליווער גאָר ניט ער, נאָר דו?!

ער קלאַמערט זיך מיט יעדן חוש אין שווערן לעבן,
ער יאָגט פון זיך, ווי אַ שונא, די שרעק פאַרן טויט —
ער שווערט צום פריינט פאַרגליווערטן **ניט אויפצוגעבן**,
ער שווערט — ס׳וועט יעדער לעבעדיקער טאָג מיט **אויפטו זיין באַנייט**!



ס'איז טויט בלויז ליקוי-חמה אין רינג פון זיין,
צום לעבן אייביקן אַ קורצער, לאַבירינט-טונעל,
איז זאָל געבענטשט זיין יעדער טאָג פון קאַמף און פרייד און פיין,
די אויגן אָפענע, דער אָטעם, די זון וואָס שמייכלט העל...

צום לעצטן מאָל אים זען מיר זיינען דאָ געקומען,
פאַרביי דעם ארון אין טרויער-גאַנג... אָן וואָרט... אָן טרער...
אַ לעצטער בליק... עס ווערגט גערוך פון טויט און בלומען —
געווען אַ פריינט, אַ מענטש... און שוין ניט מער... ניט מער...



## זונלאַנד

ווען אין זונלאַנד קומט אַ שטורעם
און די ווינטן רייסן פּאַסן,
ווערט ערשט רירעוודיק און פריילעך —
אַ סימפאָניע שפּילט אויף גאַסן.

ווינט צעלאָזט זיך איבער דעכער,
דאַרע בלעטער — פייגל פליען,
פאָכן פּאַלמעס מיט די פעכער,
פּונקט ווי זון זאָל איצטער בריען.

אין אַ האָרא שווינגען צווייגן,
בויגן זיך אויף אַלע זייטן,
ביימער רוישן — מיד פון שווייגן,
טרייבן רכילות איינס מיט צווייטן...

קליינע, שעמעוודיקע גראָזן
האָבן ווינט צו זיך פאַרנאַרט,
ברומט ער בייז און אָנגעבלאָזן
און דאָס גרינוואַרג קייכט און לאַכט.



זונלאַנד לאַכט ווען שטורעם ליאַרעמט
און די ווינטן רייסן פּאַסן —
פון דער שטילער זון צעוואַרעמט
גיסט זיך כמאַרע אויס אויף גאַסן.



# אָטעם פון פרילינג

אָטעם פון פרילינג. פייכטע, צעגראָבענע בייטן.
אין באָדן צעוואַרעמטן, ערד־ווערעם לוסטיקע טאַנצן.
ביים קאָשיקל זוימען, אַ מיידל מיט לאָקן צעווייטע,
הימל און זון אין די אויגן, ווי דימענטן גלאַנצן.

זי גלעט און צעגראַבלט דעם באָדן מיט איידעלע פינגער,
אַליין, ווי אַ קווייט אַ צעבליטע, אין פאַרביק־צעבלימלטן קלייד.
ס'ווערט אַלטיטשקע ערד פון באַריר אירן שענער און יינגער —
זי וועט בלימעלעך אויסטראָגן, בונטע ווי מיידלשע פרייד.

זי קניט צו דער ערד: זוימען רוען אין איטלעכער שורה —
איינס מיטן צווייטן באַהעפט, איינס פון צווייטן צעשיידט, —
יעדער שפּראָץ וועט איר ברענגען אַ דופּטיקע בשורה,
אַז ס'וועט שפּע פון בליונג באַצירן איר בייט.

אַ מיידל האָט האָפענונג אין בייטן מיט ליבשאַפט פאַרפלאַנצט
און ס'האָט דער אַרום זיך צעשמייכלט אַ פרישער, אַ יונגער —
פרילינגדיק־גלויביק האָט מיידל זיך קינדיש צעטאַנצט,
מיט זון אין געמיט און רוי־ערד אויף איידעלע פינגער.



## נאָכן רעגן

בוימער וויגן זיך און שושקען זיך מיט פרייד:
„אוי סאַראַ חיות, סאַראַ זיסער גוס!"
שטרעמעלעך, ווי צווייגן אויסגעשפּרייט,
באַדעקן לאַן און גאַס מיט זינגענדיקן פלוס.

שטאַם און וואָרצל אָנגעזויפט צו זאַט,
הימל בלויט ווי נאָך אַ שטורעם־ים,
פּערל ציטערן אויף אָפּגעפרישטן בלאַט,
לופט, נאָך־רעגנדיקע, שטאַרק און מלא טעם.

אַ שאָטן טאַנצט אויף דער צענעצטער וואַנט,
ווי פרייד אין קינדער־טרער, אַ טראָפּן פינקלט שטיל;
אין סילועטן טונקעלע אויף אַ ראָזן הימל־ראַנד,
אין פייכטע פּאַלמע־האָר — אַ בין השמשות שפּיל.

אין גאַסן — שפּיגלט אָפּ זיך מענטש, מאַשין און בוים,
קאָלירטע וואַסער־רעשטלעך אין דער רינע,
ווי ערשט־אַנטדעקטער וווּנדער — אויסגעקלאָרטער רוים,
ווי ניי־געבוירענע די גראָזן גרינען,



ווי גוט עס איז צו זען ווי כמאַרעס שטאַרבן,
ווי וואָלקן־אינדזעלעך אין בונטקייט שוועבן;
דורך גאָלדיק־גלי, דורך גלוט פון קופער־פאַרבן
זיי טרעטן אָפּ דעם וועג פאַר זון און לעבן.



## דער בוים

דער בוים ציילט ניט די צווייגן,
דער צווייג ציילט די בלעטער ניט —
צו ליכטיקייט זיי שטייגן,
מיט שווייגנדיקע טריט.

דער וואָרצל מעסט ניט דעם באָדן,
ער זויגט דעם זאַפט צו־זאַט,
מיט לעבן אָנגעלאָדן,
ער זאָרגט פאַר יעדן בלאַט.

דער שטאַם ווערט העכער, פעטער,
זיין קרוין גרייכט צו בלויען רוים,
דערפרישטע גלאַנצן די בלעטער
אין צווייג־געפלעכט פון בוים.

דורך פעכער־קרוין צעגרינטן
אַ שאָטן־נעץ פון גאָלד —
דעם בוים מיט זון־באַשפּינטן,
האָב איך זייער האָלט!



# אַ שטיבל אויף אַ שפּיץ פון באַרג

ווי אַן אָדלער־נעסט — אַ שטיבל אויף אַ שפּיץ פון באַרג —
צווײ דרייסטע האָבן דורכגעהאַקט צו אים דעם שטעג,
מיט ביימער, גרינס און בלי פאַרפלאַנצט זיין קאַרק
און ס׳איז געוואָרן אייגענער באַשאַף, אייגענער פאַרמעג.

צווײ יונג־פאַרליבטע טויבן
האָבן צווישן שטיין זיך אויסגעווירעט בייטן־טרעפּ,
מיט פאַרב־ און פינקל־שפּיל באַצירט די שויבן,
מיט זונענליכט באַגילדט די יונגע קעפּ.

און ווען די צייט האָט זיי די האָר מיט שניי באַשאָטן,
מיט פאַלדן טיפע דורכגעאַקערט זיי די פּנימער אין גאַנג,
איז ווי אַ ווינטער־קוסט געווען זייער טאָג געראָטן
און מיט זאַפט געטריפט, מיט שטילן פריידיקן געזאַנג.



# מיין גאָרטן

מיאוס האָט אויסגעקוקט מיין גאָרטן דאָ ניט לאַנג:
דאָס גרינע גראָז מען האָט מיט מיסט באַדעקט,
דעם רויזן־קוסט אַרומגעהאַקט, באַקרעפּטיקט מיט אַ שטאַנג,
מיט שווערן, פריקרען ריח האָט די לופט פאַרשמעקט.

דער גערטנער מיט זיין שאַרפער שער און זעג
האָט דאָ קיין בוים קיין איינציקן נישט אויסגעמיטן,
קרוינען, צווייגן אויסגעדינטע, אָפּגעראַמט פון וועג
און רוים געמאַכט פאַר מאָרגנדיקע בליטן.

שפּעטער זיינען שטורעמס אָנגעקומען, רעגן־שלאַקסן,
פאַרמישט דאָס מיסט מיט ערד ווי טייג פון מעל.
כ'האָב געטראַכט: „ס'וועט קיינמאָל מער שוין דאָ ניט וואַקסן,
דער גערטנער האָט פון גרינעם לאָן געמאַכט אַ תל“.

נאָר ס'האָט די ערד דעם פרילינג ווידער אויפגענומען אין איר שויס,
איר לייב האָט זון צעוואַרעמט און באַשיינט,
און ס'האָט די בלום איר קעפּל אויפגעהויבן ווי אַ נעקטאַר־כוס,
און ס'בליט און גרינט און זינגט אין גאָרטן היינט.



## האַרבסט

ס'האָט זיך שטורעם־ווינט גענומען
צו די ביימער, צו די בלומען,
דאָרט בלעטער אָפּגעפּליקט,
איבער גאַסן זיי צעשיקט.

יאָגן בלעטער איינס דעם אַנדערן:
„ווו זאָל מען איצטער וואַנדערן",
האָבן טענות, קרעכצן שטיל,
דרייען זיך אין האַרבסט־קאַדריל.

בלעטלעך פון אַ רייפער רויז
זייער יתום וויינען אויס;
אָפּפאַל פון אַ דעמב אַן אלטן
זוכט פון חרפּה זיך באַהאַלטן.

ווינט צו ראָגן שאַרט זיי, טרייבט,
אַ הויפן דאָ און דאָרט פאַרבלייבט,
אין לופט מיט שווונג ער טוט אַ הויב
דעם בונטן, קרוכלען בלעטער־שטויב...






ער שפּרייט אים אויס אויף פעלד און בייט —
פון מיסט בליט אויף אַ פרישער קווייט,
פון דאָרן בלאַט און טויטער רויז
די ערד שפּינט פרילינג־שפּראָצן אויס.



## איך בענק נאָך שניי

איך בענק נאָך דעם בלוי־ווייסן בלענד פונעם שניי,
נאָך שטעמפּל פון פרי־גייערס טריט אויפן וועג,
נאָך זוניקן גליטער פון ווינטער־צעווײי,
וואָס וואַרעמט די גלידער אין פּראָסטיקע טעג.

איך בענק נאָכן סקריפּ פון פאַרקאָוועטער ערד,
נאָך ווינטלעך, וואָס פּיקן די הויט ווי מיט שפּיזן,
נאָך פייגעלעך גרויע אין אָוונט־קאָנצערט,
באַזעצט ווי די קרעלן אויף הייזער־קאַרניזן.

כ׳געדענק: ס׳האָט אַ וויכער געהוליעט ביינאַכט,
באַבערדלט די ביימער, די הייזער אין גאַס,
באַשנייט און באַאייזט און זיך קונסט־ווערק געמאַכט
פון פאַרקאַן, פון גאַניק, פון אָפּפאַל אין פאַס.

כ׳געדענק: אויפן שטאָט־סקווער פאַרהונגערטע טויבן —
ס׳איז פּראָסטיקע ווייסקייט מיט פּיסלעך באַשריבן —
זיי נישטערן, פּיקן, זיי זוכן מיט גלויבן
אַז ערגעץ־ווו איז דאָך אַ ברעקל פאַרבליבן...

ביז קני אינעם שניי כ׳וואָלט איצטער פאַרזונקען,
פון פרעסטל אַ בים, ווי אַ קוש, כ׳וואָלט געגארט,
כ׳וואָלט פון אייז־ליכט קאָלירטע בריליאַנטענע פונקען
אין אויגן פאַרבענקטע קיין זונלאַנד געבראַכט.



# אוי, די גרילן

אוי, די גרילן! זיי גרילן, גרילן אָן אַ שיעור —
אַ סערענאַדע צו מיר
אונטער מיין פענצטער...
ווייל זיי מיינען...
זייער ניגון איז דער שענסטער,
זעגן זיי, זעגן מיט שאַרפע פליגעלעך
שטילקייט פון נאַכט
ביז רויטער האָן דערוואַכט!

אוי, די פאַרליבטע! זיי פליסטערן, וואָרקען אָן אַ שיעור,
ווי די גרילן ביי מיין טיר,
אונטער מיין פענצטער...
ווייל זיי מיינען... זייער ניגון איז דער שענסטער,
זינגען ליפּעלעך,
קלינגען זיפּצעלעך,
רייסן־אויף אָטעם פון נאַכט...
און איך? אַ שלעפעריק־בייזע וואָרט!



אוי, די פייגעלעך! זיי צוויטשערן, פּישטשען אָן אַ שיעור
אַ פריילעכן גוט-מאָרגן מיר
איבער מיין פענצטער...
ווייל זיי מיינען... זייער ניגון איז דער שענסטער,
האַלטן זיי די פּיסקעלעך אָפן,
לאָזן ניט שלאָפן...



## וויג־ליד

דאָס יונגע ביימל בויגט דער ווינט,
דעם אַלטן ברעכט ער איין...
אייביק יונג זאָלסטו זיין, מיין קינד,
אין שטורעמס בלייבן שטיין.

וואַקס, מיין חכמל, מיין קינד,
מיט שכל וועלט באַניי,
שטורעם פאַנג, שפּאַן איין דעם ווינט,
פון כמאַרע זון באַפריי!

ווער, קינד, וואָס שנעלער גרויס און קלוג —
אַרום איז פול מיט ווונדער —
ס'האָט הימל שטערן־מילך אַ קרוג
פאַרגרייט פאַר אַלע קינדער.

גאָלד פון זון, מילך פון שטערן,
גרין פון גראָז, פאַרב פון בלימל...
שלאָף איין, קינד מיינס, וועסטו הערן,
ווי עס זינגען ערד און הימל!






# האָסט פּען אין האַנט גענומען

מיין אייניקל דזשעקעלען

האָסטו, קינד מיינס, פּען אין האַנט גענומען,
זוכסטו פּעלד פאַר דיינע ווערטער־זוימען...
ווינטש איך: ווי אין פרילינג בלומען
אויפגיין זאָלן דיינע טרוימען.

אַ וואָרט, אַ זאַץ, אַ חלף־שאַרפע שורה,
דערגייט, ווו קויל פון ביקס פאַרפעלט!
זאָל, ווי אַ טויב, דיין וואָרט טראָגן אַ בשורה,
אַז ס'קומט אַ זינגענדיקע אָן דיין וועלט.



# פרילינג־שפּאַציר

איך זע, ווי ס׳ווערט דאָס בלעטעלע געבוירן,
דאָס צווייגעלע ווי יינגל־ליפּ באַפּוכט,
פּאָרסיטיאַס צעשמייכלטע, ווי גאָלד פון קאָרן,
אַ קנאָספּע קוים צעעפנט — אַ שטראַלכל זוכט.

ווערבע־ריטלעך, ווי פעדים לאַנגע, דינע,
פון זיי אַ מלבוש גרינער ווערט,
אַ דורכזיכטיק־אוזאָריקן וואַל זיי שפּינען
און מאָלן אויס מיט זון־און־שאָטן־שפּיל די ערד.

עס האַלטן בעכער גרייט די טוליפּס, דעפּאָדילן,
די שוועסטער־בלימעלעך, וואָס גייען אויף אין פעלד,
די וואַלקנדלעך פאַרשפּעטיקטע, וואָס הימל־בלוי פאַרהילן —
אַ פרילינג־כוס זיי הויבן צו באַנייטער וועלט.

איך זע, ווי קינדערלעך זיך שפּילן אויפן הויף,
די פייגל שטאַטן נעסטן אויס פאַרן יונגן דור;
איך זע, ווי מאָרגן ליכטיקער פון אייגעלעך קוקט אַרויס
און שענער, פריינטלעכער ווערט וועלט פון יאָר־צו־יאָר.



# זינג, מיין פריינט

זינג, מיין פריינט,
פורים ליד,
ביסט ניט אַליין —
די וועלט זינגט מיט!

טריל פון פייגל,
שפּראָץ פון זאַנג —
רייפער זאַפט
אין דיין געזאַנג!

קנאָספּע פּלאַצט,
בלימל בליט —
נעם זיי אויף
מיט פרייד אין ליד.

רוף פון נויט,
שטאָלץ פון מי —
נעם פאַר לויטערן געזאַנג
טאַקט פון זיגער-גאַנג.



זון גייט אויף,
זון פֿאַרגייט —
פֿיל אָן ליד
מיט טוי פֿון פֿרייד.



# אַן אייניקל

ביסט פיל בעסער פון אַן עפּל,
ביסט פיל זיסער פון אַ פלוים,
פון קאַרשן שענער זיינען דיינע אייגעלעך אין קעפּל
און דיינע ליפּעלעך געשמאַקער ווי די פּרוכט פון בוים.

ביסט דער נחת פאַרן זיידן,
פאַר דער באָבען טייערער, ווי אירע אויגן־עפּל,
ווי בערן אין אַ צירק דו פירסט זיי ביידן,
און זיי פּאָלגן נאָך מיט „אַ געזונט אין קעפּל".

אַן אייניקל איז דאָס ליבלעכסטע פון קינדער —
דער טאַטע־מאַמעס זאָרג, דער זיידע־באָבעס פרייד,
ס'איז נאָר אַ שאָד, וואָס אין אַ צייט אַזאַ פון וווּנדער
מע זאָל אַן אייניקל נישט קענען האָבן יונגערהייט....



# רעגנבויגן

פון אַ גרויער וואָלקן־זיפּ
שפּרינגען טראָפּנס: זיפּ... זיפּ... זיפּ...
קלאַפּן אָן אין פענצטער, טיר —
העי דאָרט... קום און שפּיל מיט מיר!

יאָסל כאַפּט אַראָפּ די שיך,
לויפט אַרויס אין גאַס אויף גיך.
גריסט אים רעגן: טראָפּ־טראָפּ־טראָפּ,
שפּרינגט דאָס ייִנגל — האָפּ־האָפּ־האָפּ.

פּליעסקען טראָפּעלעך אין וואַסער,
טאַנצט־מיט יאָסעלע אַ נאַסער.
לויפט די מאַמע פונם הויז,
שלעפּט פון נאַסקייט אים אַרויס.

„קוקט נאָר... קוקט מיין חכם אָן!
אויסגעצוואָגן ווי אַ האָן...
אַ גוס־רעגן אויף דער גאַס
און ביי אים איז עס אַ שפּאַס!"



פון די הייזקעס, פון דער בלוזע,
אויפן דיל אַ גאַנצע לוזשע —
פון דער מאַמעס וואַרעם שוים,
קוקט יאָסעלע דורך שויב אַרוים.

יאָסעלעס טרערנפולע אויגן
זעען דאָרט אַ רעגנבויגן. —
זון צום רעגן ווינקט און לאַכט:
„זעסט וואָס דו האָסט אָנגעמאַכט!“



## מיין עפּל־בוים

אין מיין מאַמעס גאָרטן שטייט
אַ בלומען־טעפּל,
האָב איך קערנדלעך אין דעם פֿאַרזייט
פֿון אַ רויטן עפּל.

וועט אַ בוים צעוואַקסן זיך ביי מיר
מיט צווייגן אויפֿן שטאַם,
מיט עפּל רויטע אָן אַ שיעור
געשמאַקע, מלא טעם...

באַגים איך עס טאָג און נאַכט,
צו דער זון איך דריי דאָס טעפּל אוים...
אַ וואָך און מער... איך וואַרט און וואַרט...
אַ גרעזל קוים אַרויס!

לויף איך צו דער מאַמען מיט געוויין:
מיין עפּל־בוים ווו איז?
נעמט זי אין די אָרעמס מיך אַריין
און קושט מיך צוקער־זים:






„פון אַ שפּראָצעלע אַ בוימל ווערט,
צו עפּל איז נאָך ווייט...
עס איילט זיך ניט די גוטע ערד...
צו וואַקסן גרויס, דאַרף נעמען צייט“.

## „פּוטער קלעצל"

דער טאַטע רופט מיך פּוסיקל,
די מאַמע רופט מיך קעצל,
די באָבע קושט און גלעט מיך אויס
און רופט מיך פּוטער־קלעצל.

דער פעטער רופט מיך האָניקל,
די מומע — ווילדער ווינט,
דער זיידע ברענגט מיר צוקערלעך
און זאָגט איך בין אַ קינד.

דאָס הינטל רופט מיך: האַו־האַו —
מיט צינגעלע מיך גלעט
און עס גייט הינטער מיר נאָך
וואָס איך בין מיר אַזוי פעט...

בלויז די קינדערלעך אין שול
לאַכן אָפּ פון מיר —
זיי זאָגן ס'איז צו קליין מיין שטול
און צו שמאָל די טיר...



# אַ גאַנצע האַנט

קיכעלעך , צוקערלעך אַלערליי טאָרטן,
קינדערלעך — בלימעלעך פרישע פון גאָרטן.
אַ מיידעלע מעסט זיך מיט צווייטער ביי דער וואַנט —
זי איז אַלט **פינף פינגער** — אַ גאַנצע האַנט.

ס׳פרייען זיך געסט מיט איר טאָג פון געבוירן.
אויף פינגערלעך ציילן זיי אַלע די יאָרן.
איינע ציילט פיר... אַ צווייטע בלויז דריי,
און לעסלי איז אַלץ נאָך די עלטסטע פון זיי.

לעסלי איז פריילעך, זי שטיפט און זי לאַכט,
ס׳האָבן קינדערלעך גוטע מתנות געבראַכט:
אַ העזל, אַ ליאַלקע, אַ פערד און אַ קאַץ,
זי קען גאָר ניט איינזיצן, ס׳הויבט איר פון אָרט...

זעקס ליכטלעך אויף טאָרט ביז צום סוף אויסגעברענט.
אַ בלאָז... אַ געזאַנג, אַ געפּלעסק מיט די הענט,
„זאָל זיין דיין געבורטסטאָג אַ יום־טוב פון גליק,
פאַר דיר די מתנות, פאַר אונדז — טאָרט אַ שטיק“.



מען שפּילט זיך אין „כאַפּקעס“, אין „אייזלשן ועק“,
מיט קערבעלעך זיסקייט גייען קינדער אַוועק,
אין שטוב אָנגעוואָרפן שפּילצייג־פּאַפּירן,
לעסלי איז מיד, זי קען זיך קוים רירן.

דאָס קליידל אין פלעקן, צעפּאַטלט די האָר,
ביי מאַמען אין שויס שלאָפט די מויד פון פינף יאָר.
מיט ליבשאַפט קושט מאַמע די קליינינקע פינגער,
זי פילט זיך פון נחת „ אַ גאַנצע האַנט“ יינגער.



# אַ מעשהלע וועגן לבנות

איין לבנה, צוויי לבנות, גאָר אַ סך לבנות,
שטערנדלעך — רײַשעלעך פֿאַר קינדערלעך מתנות,
בערעלעך, הינטעלעך שוועבן אין די רוימען,
וואַקסט בײַ קינדער פֿליגעלעך, פֿליגלדיקע טרוימען.

וואַקסן קינדער ווי אויף הייוון, ווי פֿייגעלעך באַפֿליגלט,
און אייגעלעך פֿאַרוואונדערטע אין לויטערקייט פֿאַרזיגלט;
פֿון שמייכעלעך, פֿון חנדעלעך, פֿון קלאָרע קינדער־טרערן
וועלן זונען אויפֿלויכטן — שפּאָגל־נײַע שטערן...

איין לבנה, צוויי לבנות, שטערנדלעך און זונען,
שליסעלעך ברילױאַנטענע מען האָט צו זיי געפֿונען,
פֿליען וועלן קינדערלעך צו וועלטן ווײַט־צעזייטע,
עפֿענען די טירעלעך, די טויערן די ברייטע.

פֿליענדיקע, זינגענדיקע, מאָרגנדיקע קינדער
וועלן שטיפֿעריש דערציילן אַלע גרויסע וווּנדער —
פֿון איין לבנה, צוויי לבנות, גאָר אַ סך לבנות,
אויף טעלערלעך פֿון הימל אונדז ברענגען שלח־מנות.



## דזשעקיס פערדל

דזשעקי אויף איר פערדלס רוקן
איז אַ חיות אָנצוקוקן:
האָר צעפּאַטלט, שטראַלן אויגן,
לייצעס שטייף אין הענט פאַרצויגן.

פערדל פילט ביי יעדן שפּאַן,
אַז די קליינע טרויט אים אָן,
ציט עס אויס זיין שטאָלצן קאָפּ,
טראָגט זיין רייטער אין גאַלאָפּ.

גרוי און ווייס זיין שווייסיק פעל,
דזשעקיס קליידל רויט און געל,
בלוי דער הימל, גרין דאָס פעלד
און אין גאָלד געטונקט איז וועלט.

צו זיין קאָפּ איר קעפּל נאָענט,
צאַרט זי גלעט אים, שטיל זי מאָנט:
„וועסט מיר פאָלגן... וועסט מיך הערן...
קריגסטו גרויסע זיסע מערן".






הערט דאָס פערדל און פאַרשטייט,
לויט איר זאָג ער וויליק גייט,
טוט זי לייצעלעך אַ צי,
איז כאָטש נעם און פלי!

ריר פון קני, גלעט פון האַנט,
ריטמיש, רואיק פערדל שפּאַנט,
דזשעקי אויף זיין שיינעם רוקן
איז אַ גדולה אָנצוקוקן!

אַ צעבלימטע צו דער ערד
שפּרינגט דאָס מיידעלע פון פערד.
אין דעם שטאל דאָס פערדל שטייט,
זיינע זיסע מערן קייט!



# „ע ט ע ל ע"

„עטעלע" איז אַ מיידעלע,
אין אַ באָדערל אָנשטאָט אַ קליידעלע,
ביים גאָלדענעם ברעג פון פרי ביז שפּעט.
קיכעלעך פון זאַמד זי קנעט.

אָט־אָ־דאָ — און אָט שוין דאָרט,
שטייט קיין רגע אויף איין אָרט:
זע, נאָר זע, אַרום מיינע פיסעלעך
טאַנצן שטיינדעלעך, רונדע ניסעלעך...

„עטעלע" פרעגט: „פאַרוואָס? פאַרוועןְ?"
וויל אַלץ וויסן וויל אַלץ זען —
ווער האָט גרויסן ים געמאַכט?
ווער האָט זאַמד אויף ברעג געבראַכט?

„מאַמע, מאַמע, קום אַהער,
כוואַליע כאַפּט מיין טעדי־בער,
כ'האָב אין זאַמד געמאַכט אַ ברונעם,
איז דאָס וואַסער אויסגערונען!"

 



עטעלע׳ס אויגעלעך — שטיקער הימל,
ביים בלויען וואַסער וואַקסט אַ בלימל —
דער מאַמע׳ס ניט-געבוירענע לידער
זינגען שטיל פון מיידעלע׳ס גלידער.



## פייגעלע

פייגעלע, מיין פייגעלע,
דו לאָזט מיך ניט צורו,
איך וויל אַ ביסל זיין אַליין
און זינגען פּונקט ווי דו.

אַ שטרויעלע אין שנעבעלע —
דיין נעסטעלע איז גרייט —
איך אַרבעטן מוז גאָר אַ סך
פֿאַר דירה־געלט און ברויט!

אַ ווערימל אין פּיסקעלע
צו עופעלעך דו טראָגסט,
צופרידן ביסטו, ליבינקע,
מיט אַלץ וואָס דו פֿאַרמאָגסט.

פריי ביסטו, מיין פייגעלע,
איז זינגען דיר ניט שווער,
אָט וויל איך זינגען פּונקט ווי דו,
פֿאַלט גאָר אַראָפּ אַ טרער...



נעם איך ביי דיר, זינגערקע,
דיין זיסן צווי=צוויט,
פֿאַרטײַטש עס אויף מיין אייגן שפּראַך
און שאַף פון דעם אַ ליד.



## שימעלע

ווען שימעלע איז דריי יאָר געוואָרן,
האָט מען זיינע בלאָנדע לעקעלעך אָפּגעשאָרן.
אויף זיים אַ שטעגעלע, די הערעלעך פאַרשאַרט —
אים פאַר אַ „מאנעלע" געמאַכט.

אין ווייסן העמדל, לאַנגע הויזן
איז שימעלע אַרוים אינדרויסן,
האָט עס קינדערלעך פאַרדראָסן,
שרייען זיי: „אָט גייט דער חתן".

בלויז איין מיידעלע פון זיי אַלע
שמייכלט צו שימעלען ווי אַ כלה:
„שימעלע, שימעלע ביסט זייער שיין,
לאָמירביידע שפּילן גיין".



## הולאַ־רייף *)

דריי און דריי דעם הולאַ־רייף,
לאָז דיין גוף ניט ווערן שטייף,
וויג אים גלייך, בויג אים קרום —
רונד און רונד און רונד אַרום!

דריי זיך, בוק זיך, גיך, גיך, גיך,
היט זיך, ריר ניט אָן די שיך,
הולאַ־רייף אַרום דיין גוף —
לאָז אַראָפּ, שווינג־אַרויף!

רונד אַרום, אינמיטן דו,
לאָז קיין רגע ניט צו־רו.
זיי ניט פויל, זיי ניט שטייף —
טאַנץ און שפּיל מיט הולאַ־רייף.

*) הולאַ־רייף — א קינדער־שפּילצייג



# האַרבסט־גאָלד

בלעטער אויפֿן לאָן —
אויסגעדינטע טעג.
פֿאַר בוים אַ נייער קאָן,
פֿאַר זיי דער לעצטער וועג.

האַרבסט־גאָלד — צינז פֿון צייט,
האַרבסט־ליד — אָפּשייד־גרוס,
בוים פֿון לאַסט באַפֿרייט
גרייט צו פֿריש געניס.

צווייגן אין דער לופֿט —
ענט אין דאַנק־געבעט,
וואָרצל שטיל זיי רופֿט:
„שלאָפֿט, עס ווערט צו שפּעט“.

אַ מיידעלע אויפֿן לאָן
האָט האַרבסט־שפּיל זייער האָלט,
זי קוועלט פֿון נחת אָן
און שאַרט אָן הויפֿנס גאָלד.





## מדבר־לאנד

מדבר־לאַנד —
געמעל פון זון און זאַמד —
פולע ליידיקייט,
רעדעוודיקע שטילקייט
איבער גאָלדיקע פלאַכן,
איבער גליאיקע דיונעס.
באַרג אויף באַרג,
שטיין אויף שטיין,
און איך אַליין אינמיטן פון יצירה,
וואָס ווערט ניט מיד.

ווען מיין באָבע האָט אַ דייזשע ברויט פאַרקנאָטן,
האָט זי עס מיט טרוקן מעל באַשאָטן,
פון צייט צו צייט געטאָן אַ שטויס
עס זאָל געראָטן זיין... אויפגיין גרויס —
די באָביצע נאַטור האָט נאָך ניט אויפגעהערט
צו קנעטן, פורעמען דאָס גרויסע טייג פון ערד...
ליגן אין דער מדבר־דייזשע



בערג און בערגעלעך, ווי לעבלעך ברויט, פּאַרקנאָטן,
מיט קרוכלען, געלן זאַמד באַשאָטן
און גייען אויף פּאַמעלעך, ניט געאײַלט
אין ליבער זוניקייט פון צייט!





## יאַנקעלע

יאַנקעלע איז אונטער אַ בוים געזעסן,
און אַ בייגעלע געגעסן.
זאָגט יאַנקעלע צום פֿייגעלע:
„נאַ דיר אַ ברעקל פֿון מײַן בייגעלע“.
קומט נעענטער דאָס פֿייגעלע
און פּיקט אַ ברעקל פֿון יאַנקעלעס בייגעלע.
פּיקן שוין בײדע — יאַנקעלע און דאָס פֿייגעלע,
ביז עס בלײַבט נישט מער קיין בייגעלע.



# האַוואַיער מיידלעך

די האַוואַיער מיידלעך
טראָגן הולאַ־קליידלעך,
ליהיי־בלומען קראַנצן,
ווינגן זיך ביים טאַנצן.

היפטן ריטמיש שווינגען,
הענט און פינגער זינגען,
כוואַליענדיקע זאַנגען,
ווינקענדע פאַרלאַנגען.

קערפּער רעדט אָן ווערטער:
„קום צו מיר באַשערטער“,
ווינטלעך מילדע בלאָזן
פאַרהאַנגלעך פון גראָזן.

זיפצט גיטאַרע שטילע,
זינגען זאַמדן קילע,
חופּה איז דער הימל,
עדות, גראָז און בלימל!

 



## טאַטע־מאַמע־שפּיל

אין דער מאַמעס פאַרטעך, שוועסטערס קלייד,
אין אַ ראָלקעלע די האָר פאַרדרייט,
שטייט אַ מאַמעלע די הענט פאַרבראָכן
איבער שערבלעך — טעפעלעך צו קאָכן.

„אוי ווי, אוי ווי... דער טאַטע גייט..
און ס׳איז דער טיש נאָך נישט געגרייט“.
זי שפרייט אַ סערוועטל שניי־ווייס,
און אויף סערוועטל די שפייז.

עס קומט דאָס טאַטעלע אַריין —
אַ יאַטל ווי אַ ניסל קליין —
און ווי זיין טאַטע מיט פאַרדראָס
ער באַקלאָגט זיך אויף זיין באָס:

„גענייט... גענייט אַ גאַנצע וואָך
און ס׳איז אין קעשענע אַ לאָך“.
מיט פנימל פאַרזאָרגט און בייז
ער טוט זיין ראָק און היטל אויס.



רעדט מאַמעלע מיט זיסע רייד:
„יָעס, מאַנעלע, דיין זופּ איז גרייט .
כ׳וועל באַלד דיין קעשענע פּאַרנייען,
וועלן מיר זיך ביידע פרייען“.

לאַכן ביידע פון דעם שפּאַס.
נאָר פּלוצעם רופט זיי ווער פון גאַס —
פּאַלן שערבלעך אויפן דיל,
ווערט צו נישט די גאַנצע שפּיל.



## די ערשטע רויז

די ערשטע רויז פֿון יאָר אין אייגענעם גאָרטן!
פֿרייד און צער... עס ציטערט די האַנט ביים שניידן.
אין גרינע ווינדעלעך אַ קנאָספּע דאָ און דאָרטן
שטעלט רויטע ליפּלעך אויס צו מיר באַשיידן.

אָט באַלד וועט רויזן־אָטעם דאָס הויז פֿאַרשמעקן,
די לופֿט וועט פֿול ווערן מיט דופֿט און מיט קאָליר
נאָסטאַלגיע נאָך ווייטע פֿרילינגן דערוועקן
און צו זכרונות לאַנג־פֿאַרגעסענע עפֿענען די טיר.

אַליין פֿאַרפֿלאַנצט צום ערשטן מאָל די רויזן,
אַליין באַאַרבעט... פֿון קעלט פֿאַרהיט —
איז ליבער מיר דער גרינער דרויסן,
איז רייכער איצט מיין אייגענער געמיט.

אַזעליאַס * צעבליטע, פּיאָניס, „חנה'ס אויגן"
צו פֿרישן טרונק די העלדזלעך שטרעקן אויס,
ס'איז ראָבין* צופֿלאָשעטער אַוועקגעפֿלויגן.
זיין נעסטל אָפּהיטן אונטערן קאַרניז פֿון הויז.

מיין גאָרטן אייגענער האָט מיין מי באַלוינט,
וואָס מער איך יעט און שנייד, אַלץ שענער קווייט,
פֿון שיינקייט ווער איך יעדן טאָג אויפֿסניי דערשטוינט
און ס'גייט ווי בלומען־זריעה אויף אין מיר די פֿרייד.

---

* אַזעליאַס, פּיאָניס, חנה'ס אויגן" — בלומען.
* ראָבין — אַ פֿויגל מיט אַ רויט ברוסטל.

# אינהאַלט

## שלום און פריינדשאַפט

## היימיש



## נאַטור און קינד